פערלאג „פאָלק און לאַנד".

№ 1.

# דער עלפטער ציוניסטען־קאָנגרעס

פון

ד"ר שמעון מילנער.





ווארשא. — תרע"ד.

געזעצט ביי א. י. האַלטער, נאָוואָליפּיע 29.

ДЕРЪ ЭЛФТЕРЪ ЦІОНИСТЕНЪ-КОНГРЕСЪ

**Д-ръ Ш. Мильнеръ.**

Набрано въ наборномъ и стереот. завед. А. И. Гальтера, Новолипье 29.

ВАРШАВА 1914 ГОДА.

# הקדמה.

דער עֶרשטער ציוֹניסטען־קאָנגרעס! —

נאָך מיט אייניגע חדשים צוריק, איידער דער קאָנגרעס האָט זיך געעפענט, האָבען די איבערגעדרעמאַנטע פיר ווערטער אַרייַנגעבראַכט אַ ליכטיגען שטראַהל און אַ נייעם שטראָם פון לעבען אין דער פינסטערער יודישער גאַס. אומעטום האָט מען אָנגעהויבען צו מערקען אַ בעזונדערע התעוררות, אַן אויפלעבונג: די יודישע גאַס האָט זיך אָנגעהויבען צו־צוגרייטען צום גרויסען יום־טוב, אין וועלכען יודען פון פערשידענע לענדער און מיט פערשידענע לשונות קומען זיך צונויף אין איין אָרט און מאַכען יעדעס מאָל אַ נייעם שריט אַלץ נעהנטער און נעהנטער צום גרויסען ציעל פון יודישען פאָלקס־אידעאַל — די אויפלעבונג פון יודישען פאָלק אין אונזער אַלט־היסטאָרישען יודישען לאַנד.

דער עֶרשטער ציוניסטען־קאָנגרעס האָט אַרייַנגעבראַכט אַ ליכטיגען שטראַהל אין אונזער פינסטערען לעבען און ס'איז גאָר נישט קיין וואונדער: שרעקליך און ביטער איז די צייט, וואָס מיר, יודען, איבערלעבען יעצט; שוואַרצע, בלייַ־שווערע וואָלקענס בעדעקען אונזער הימעל, פינסטערע, שווערע חמאַרעס ווילען אונז דערשטיקען, פערניכטען... פון אַלע ווינקעלעך, וואו עס וואוינט נור אַ יוד, הערט מען נור זיפצען און קרעכצען, קלאָגען און יאָמערן! . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . (1

אַ שרעקליכע שטימונג הערשט אין דער לעצטער צייט אויף דער יודישער גאַס — אַן אייביגע תשעה־באָב־שטימונג: דער קאָפּ אַראָבגעלאָזט, די פלייצעס איינגעבויגען, די אויגען פערבעהאַלטען זיך טיעף־טיעף אין זייערע לעכער, דער שטערן בעדעקט מיט קנייטשען און דאָס גאַנצע פנים דריקט־אויס אַ יאוש אָהן אַ סוף, אַ טרויער אָהן אַ ברעג...

1) צוליעב אונאָבהענגיגע פון אונז סבות פעהלט דאָ אַ שטיק פון דער הקדמה.

איז דען אַ וואונדער, אַז אין אַזאַ צייַט איז דער עלפטער ציוניסטען-קאָנגרעס געווען פאַקטיש אַן'אָאַזיס אין דער מדבר: די טויזענדע פערצווייפעלטע און אומגליקליכע פון אונזערע ברידער און שוועסטער האָבען דערהערט די שטאַרקע שטימע פון די, וואָס האָבען נאָך נישט פערלאָרען דעם מוטה, די שטימע, וואָס ער שאַלט און רופט: טרייסעלט זיך אָב אויף איין מאָמענט פון דעם ווילדען יאוש אייערען און דערמאָנט זיך, אַז „עוד יעקב לא מת", אַז אַלע אידעאַלען פון נעכטען מוזען צערשטערט ווערען, בלייבען בלייבט נור דאָס אידעאַל פון צוויי טויזענד יאָהר און קומען מוז דער טאָג, ווען יודען וועלען אויפלעבען אין פרייעם יהודה!... און נור אָט די אמונה קאָן אַריינברענגען ליכט אין אייער פינסטערניש, נור זי איז בכח צו פערניכטען אייער יאוש, אויסגלייכען די קנייטשען פון אייער שטערן און אייך אומקערען דעם מוטה פון אַמאָל!...



דער עלפטער ציוניסטען-קאָנגרעס!—

דאָס קלינגט ווי אַ ביטערער פאָרוואורף פאַר די, וואָס האָבען בעטראַכט אונזער שטרעבען, אונזער ברייטע און גרויסע פאָלקס-בעוועגונג אַלס אַ חלום, וואָס וועט באַלד פאָראיבערגעהן און פערשוואונדען, אַלס אַ פייער, וואָס ווערט באַלד פערלאָשען ווערען, אַלס אַ פראָדוקט פון אייניגע היצקעפ און פאַנטאַזיאָרען, מיט וועלכע עס לוינט זיך גאָר נישט צו רעכנען...

דער עלפטער ציוניסטען-קאָנגרעס האָט בעוויזען, אַז טיעף-טיעף איז איינגעוואָרצעלט געוואָרען דער ציוניסטישער געדאַנק, דער געדאַנק פון אויפלעבונג פון יודישען פאָלק אין יודישען לאַנד, אין די הערצער פון יודישען פאָלק. דער עלפטער ציוניסטען-קאָנגרעס האָט בעוויזען מיט אותות און מופתים, אַז אונזער בעוועגונג איז געוואָרען אַ פאָלקס-בעוועגונג און זעהר פיעל האָבען מיר אויפגעטהון צו פערווירקליכען אונזער שטרעבען. עס קלינגט פשוט לעגענדאַריש, ווען מיר מאַכען היינט דעם סך-הכל פון אונזער אַרבייט אין ארץ-ישראל—און די גרעסטע גענגער אונזערע, באַלד זיי זענען נור אַביסעלע עהרליך.

מוזען צוגעבען, אַז עס איז ממש אונגלויבליך, ווי זענען עס געווען אימשטאַנד אַ קליינע גרופּע מענשען אַזוי פיעל צו שאַפען אין אַזאַ קורצער צייט! פאַר קנאַפּע דרייסיג יאָהר צוריק איז אין גאַנץ ארץ־ישראל ניט געווען אפילו איין שפאַן ערד, וועלכער זאָל געהערען יודען, און היינט האָבען מיר אין ארץ־ישראל העכער צוויי מיליאָן דונאַם ערד און אויף דיזער ערד האָבען מיר אַ גאַנצע רייה פלאַנצונגען, וואָס גיבען אונז פירות; מיר האָבען פעלדער פון פערשידענע מינים תבואות, מיר האָבען אַ גאַנצע רייה גרויסע וויינגערטנער, פערשידענע פרוכט־גערטנער א. א. וו., וואָס בעטרעפען צעהנדליגער מיליאָנען פראַנק. אויף דער דאָזיגער ערד האָבען מיר אויסגעבויט העכער פון 40 קאָלאָניעס, דאָס זענען פערשידענע פאָרפאָסטען, וואָס זענען צוואָרפען איבער גאַנץ ארץ־ישראל פון עק צפון ביז'ן עק דרום. מיר האָבען אומעטום געזונד געמאַכט דאָס קלימאַט, אומעטום, וואו פריהער זענען געווען זומפען און מדבריות, איז איצט געוואָרען אַן'אמת'ער גן־עדן. דורך אונז איז אויך שטאַרק ענטוויקעלט געוואָרען די שטאָדטישע קאָלאָניזאַציע. פריהער האָט מען זיך נור מיט דאָרפישע קאָלאָניזאַציע בעשעפטיגט און אין דער לעצטער צייט פערנעהמט אויך די שטאָדטישע קאָלאָניזאַציע אַ בעדייטענדען אָרט. מיט 25 יאָהר צוריק האָבען די יודען געוואוינט נור אין די פונקטען, ווי ירושלים, חברון, טבריה, צפת און ביז הונדערט משפחות אין יפו, און איצט איז די יודישע בעפעלקערונג זעהר שטאַרק פערגרעסערט געוואָרען אין ירושלים, חייפה און יפו. ס'האָבען זיך אויך בעוויזען די ערשטע פיאָנערען אין עכו, צידון, עזה, רמלה, נסרת און יריחו. אין איניגע שטעדט זענען אויסגעבויט געוואָרען וואונדערשענע יודישע שטעדטישע קאָלאָניעס מיט פערשידענע אייראָפּעאישע איינריכטונגען און בעקוועמ־ליכקייטען (תל־אביב אין יפו און הרצליה אין חייפה). היינט לאָמיר זיך נאָך דערמאָנען אונזערע בענק, וואָס מיר האָבען בעשאַפען אין לאָנדאָן, קאָנסטאַנטינאָפּאָל און די אַנגלאָ־פּאַ־לעסטינאַ־באַנק אין יפו מיט איהרע פיליאַלען אין ירושלים, חברון, צפת און ביירוט. אָט די בענק מיט אונזער נאַציאָנאַל־פאָנד האָבען זעהר פיעל אויפגעטהון אין זעהר אַ קורצע צייט פאַר אונזער ישוב אין ארץ־ישראל.

עס וואָלט אָבער אונז צו ווייט פיהרען, ווען מיר זאָלען זיך אָבשטעלען באריכות אויסרעכנען אַלע רעזולטאַטען פון אונזערע עקאָנאָמישע ערָאָבערונגען. איך וויל אָבער נאָך דערמאָנען די רעזולטאַטען פון אונזער אַרבייט פאַר אונזער גייסטיגען און קולטורעלען לעבען. קודם כל מוזען מיר אונטערשטרייכען דעם פאַקט פון דער אויפלעבונג פון אונזער אַלטער העברעאישער שפּראַך. דאָס איז היינט אַ פאַקט, וועלכער קאָן בשום אופן ניט אָבגעלייקענט ווערען. די העברעאישע שפּראַך איז אינגאַנצען אויפגעלעבט געוואָרען אין ארץ־ישראל און זי איז געוואָרען די אומגאַנגס־שפּראַך פון נייעם ישוב. אין אַלע קאָלאָניעס קאָן מען היינט געפינען „קינדער־גערטנער”, וואו ס׳לערנען זיך גאַנץ קליינע קינדערלעך, און אין די דאָזיגע אָ:פאַנגס־שולען קלינגט דורכאויס די העברעאישע שפּראַך. מיר פערמאָגען היינט אין ארץ־ישראל אין אַלע קאָלאָניעס און שטעדט אַ גאַנצע רייה פון שוהלען: די מוסטערהאַפטע יודישע גימנאַזיעס אין יפו און ירושלים, בית ספר לבנות, לעהרערין־אינסטיטוט א״ן נאָמען פון פערשטאָרבענעם לעווינסקי, די קונסט־שוהלע „בצלאל” אין ירושלים און פערשידענע אַנדערע קולטורעלע אינסטיטוציעס. עס מוז אויך דאָ דערמאָנט ווע־ען דאָס יודישע פּאָליטעכניקום, וואָס בויט זיך יעצט אויפ׳ן באָדען פון יודישען נאַציאָנאַלפאָנד.

דאָס און נאָך זעהר פיעל אַנדערעס האָבען די ציוניסטען געשאַפען אין אַ משך פון איינינע צעהנדליגער יאָהרען פון זייער אַרבייט. איך מיין, אַז די גרויסע רעזולטאַטען פון אונזער אַרבייט זענען אימשטאַנד צו פערמאַכען די מיילער פון אונזערע געגנער פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט צו עפנען די אויגען אויך פון די, וואָס שטעהען נאָך היינט פון דערוויַיטענס און קומען ניט צו אונז, כדי אונז מיטצוהעלפען צו בויען דעם גרויסען בנין פון אונזער צוקונפט.

**ד״ר שמעון מילנער.**

**לובלין, ערב סכות תרע״ד.**

## I.

# די קאָנפֿערענץ פֿון דער „הסתדרות".

די גרויסע, שענע שטאָדט וויען איז שוין מיט א וואָך פֿריהער, איידער דער קאָנגרעס האָט זיך געעפֿענט, געווען אָנגעפֿולט מיט דעלעגאַטען און געסט, וואָס זענען שוין געקומען צום קאָנגרעס.

מאָנטאָג דעם 25-טען אויגוסט האָט זיך געעפֿענט די העברעאישע קאָנפֿערענץ פֿון דער „הסתדרות לשפה ולתרבות העברית". עס זענען געקומען 80 דעלעגאַטען און זעהר פֿיעל געסט. דער צוזאַמענפֿאָהר עפֿענט זיך מיט דער רעדע פֿון ד"ר ל. מאָצקין, וועלכער רעדט אין נאָמען פֿון צענטראַל-קאָמיטעט פֿון דער „הסתדרות". „איך וועל אייך ניט דאַנקען—זאָגט דער רעדנער — פֿאַר אייער קומען צום צוזאַמענפֿאָהר, ווייל מיט אייער קומען אַהער האָט איהר אויסגעדריקט אייער ליעבע און אייער איבערגעבענהייט צו אונזער זאַך און פֿאַר ליעבע דאַנקט מען ניט. די ליעבע צו אונזער העברעאישער שפּראַך איז טיעף איינגעוואָרצעלט אין דער נשמה פֿון אונזער פֿאָלק, זי איז געוואָרען ביי אַלעמען שטאַרק בעליעבט. מיר מערקען שוין אין דער לעצטער צייט, אַז אפילו ביי די דייטשע יודען, ניט נור ביי די נאַציאָנאַליסטען, נאָר אפילו ביי די אַסימילאַטאָרען איז געוואָרען די העברעאישע שפּראַך דער הויפּטפֿאַקטאָר, מיט וועלכען מען רעכענט זיך אפילו בעת די געמיינדע-וואַהלען. אויסער דעם האָבען מיר אין פּאַלעסטינאַ און אפילו צווישען אונז אין די גלות-לענדער זעהר פֿיעל יודען, וואָס רעדען העברעאיש. דאָס איז אַ גוטע התחלה".

דאָס איז בקצור די ערעפֿנונגס-רעדע פֿון ד"ר מאָצקין. נאָכהער לייענט ה' יצחק עפּשטיין זיין רעפֿעראַט איבער „די ראָלע פֿון העברעאיש אין דער ערציהונג".

די פֿאָרשטעהער פֿון פֿערשיעדענע גרופּען און לענדער בעי-

גריסען די קאָנפערענץ. כאַראַקטעריסטיש איז געווען, דאָס די וויענער יודישע געמיינדע, וואָס האָט שטענדיג זיך אויסגעצייכענט מיט׳ן אַסימילאַציאָנס-גייסט, וועלכער אין איהר האָט געהערשט, האָט געשיקט אַלס פאָרשטעהער איהר פּרעזידענט ד״ר שטערן, וועלכער האָט אין׳ט נאָמען פון דער יודישער קהלה אין וויען בעגריסט די העברעאישע קאָנפערענץ. זיין בעגריסונג הויבט ער אָן מיט אַ שלום עליכם. ער איז צופריעדען און גליקליך צו זיין אויף אַ העברעאישער קאָנפערענץ. עס איז געווען אַ צייט — זאָגט ווייטער ד״ר שטערן — וואָס מען האָט געוואָלט אַרויסשטויסען דאָס העברעאישע אפילו פון שוהל, איצט האָט ער זוכה געווען צו זעהן, אַז די העברעאישע שפּראַך ווערט לעבעדיג און דרינגט אַריין אפילו אין וואָכעדיגען לעבען.

פון די רעפעראַטען, וואָס זענען געלעזען געוואָרען אויף דערדאָזיגער קאָנפערענץ, האָבען זיך אויסגעצייכענט די פון דוד פרישמאַן און פון אונזער גרויסען דיכטער ח. נ. ביאַליק.

די הסתדרות — פערלאַנגט פרישמאַן — זאָל זיך נעהמען צו דער שענער העברעאישער ליטעראַטור, דען נור זי איז בכח אונז צו העלפען און צו ראַטעווען, נור זי קאָן אָבהאַלטען אונזערע מאָדערנע קינדער, אַז זיי זאָלען פון אונז ניט אַנטלויפען. אונזער העברעאישע ליטעראַטור האָט צופיעל געאַרבייט פאַר „חכמת-ישראל״. ער וויל, אַז מען זאָל אין העברעאיש אַ ביסעל אָנהויבען צו אַרבייטען פאַר „סכלות-ישראל״. אונזער העברעאישע ליטעראַטור האָט צופיעל געזאָרגט פאַר די טאַטעס און זיידעס; שוין צייט, אַז זי זאָל זאָרגען פאַר די יונגע קינדער און אייניקלעך. אַנ׳אַנדער טיפ שרייבער, לעזער און ביכער ענטשטעהט ביי אונז איצט. דער אַלטער שרייבער, דער אַלטער לעזער זענען געווען יודען, וואָס האָבען אין דער ישיבה אָנגעפילט זייער מוח מיט תורה און חכמת-ישראל. און וואָס פאַר אַ שרייבער און לעזער, אַזוי איז געווען דאָס יודישע בוך. איצט זענען אַנדערע יודען, אַנדערע שרייבער, אַנדערע לעזער און אַנדערע ביכער. די יודישע ערציהונג פון אַ סך יודישע שרייבער און לעזער איז געווען העכסטענס דער חדר. ווייטער האָבען זיי געהאַט אַ אייראָפּעאישע וועלטליכע ערציהונג. דער-

דאָזיגער טיִפּ שרײַבער און לעזער צײלעגט זיך אויס נישט מיט יודישעם וויסען, נאָר מיט טאַלענט און פעהיגקײט. בײַ זײַנע העברעאישע אַרבײַטען קאָן ער נישט מאַכען אַ טריט אָהן דעם „מלון״, אָבער דאָס שאַדט נישט, דערפאַר האָט דערדאָ־זיגער טיפּ טאַלענט און געשמאַק. ער פערלאַנגט אַ יודישען ספר נישט פון חכמת־ישראל, נאָר געשמאַק פולע און טאַלענט־פולע „יצירות״. זאָל די הסתדרות געבען די מעגליכקײט דעם נײַעם טיפּ. פון העברעאישען שרײַבער, אַז ער זאָל זיך ענטוויק־לען און קאָנען זיך איבערגעבען אינגאַנצען זײַנע מאָדערנע, טאַלענטפולע, ליטעראַרישע קינסטלערישע שאַפונגען, דעמאָלט וועלען מיר אײַנהאַלטען און צוציהען צו אונזער העברעאישע וועלט און ליטעראַטור אונזערע מאָדערנע קינדער וואָס זענען ערצויגען אויף דער אײראָפּעאישער ליטעראַטור. די צײַט איז קורץ, מ׳מוז זיך אַביסעל צואײַלען. עס קומען מטיפים, וואָס זאָגען, אַז מ׳קאָן זיך אַביסעל צושמד׳ן און דאָך בלײַבען אַ יוד. מ׳שמד׳ט זיך מיט אַ „מנין״... דאָס זענען דאָך אַלע קינדער פון יודישע העברעאישע טאַטעס. ווי קאָן מען שווײַגען! די העברעאישע ליטעראַטור—ס׳איז גרינג דערצעהלען מופתים מיט נסים, אַז זי איז גרויס, שטאַרק און נאָך אַנדערע שבחים, אָבער אין דער ווירקליכקײַט, ווי שטעהט עס מיט דער העברעאישער ליטעראַטור? פרעגט די העברעאישע פערלעגער, וועלען זײ אײַך דערצעהלען. און דערצעהלען וועלען זײ אײַך מיט אַ קורצע, טרוקענע, ניכטערע, סוחר׳ישע ציפער־שפּראַך, און בשעת איהר וועט זײ הערען, וועט אײַך פערגעהן דער חשק צו נאַרען זיך מיט פאַנטאַסטישע נסים און מופתים. די שירים פון י. ל. גאָר־דאָן זענען פערקויפט געוואָרען איז אַ משך פון אַ יאָהר אינגאַנ־צען אַכטצעהן עקזעמפּליאַרען. די „ביבליותיקה עברית״ האָט גע־האַט, בשעת זי האָט זיך געגרינדעט, 3500 אַבאָנענטען און געענדיגט האָט זי מיט 500 אַבאָנענטען. ביז דעם אַלטען ספר האָט זי פערקויפט אין צעהן טויזענד עקזעמפּליאַרען און איצט נור הונדערט קאָמפּלעטען אַ יאָהר. די „ביבליותיקה הגדולה״ האָט אָנגעהויבען מיט 500 עקזעמפּליאַרען און געענדיגט מיט הונדערט. און בכלל פערקויפען זיך די נײַע העברעאישע ספרים העכסטענס דרײַ ביז פיער הונדערט עקזעמפּליאַרען אַ יאָהר. פון די מעטאָדעס און שול־ביכער פערקויפען זיך נור די התחלה־מעטאָדעס פאַר

צעהן-יעהריגע קינדער. די ספרים פאר די „נערים״ פערקויפען זיך גאר גישט. און דאס איז דאך דער בעסטער בעווייז, אז דער יונגער דור איז זעהר ווייט פון העברעאיש. יודישע ביכער פערקויפען זיך ביי אונז זעהר ווענינ—און דאס ביכעל, וואס פערקויפט זיך, איז אויך מעהר פון חכמת-ישראל. דאס איז א סימן, אז די קויפער פון העברעאישע ביכער זענען פון אלטען דור, וואס זענען ערצויגען געווארען אין דער ישיבה. און אט דערדאזיגער דור ווערט עלטער, שטארבט אויס, ווערט ווע-ניגער—און וואס וועט ווייטער זיין?

דאס איז בקצור דער אינהאלט פון פרישמאנ׳ס רעפעראט. אויף דער רעדנער-טריבונע געהט ארויף ביאליק. דער עולם מאכט איהם גרויסע אוואציעס. ער הויבט אן צו לייענען זיין רעפעראט איבער „הספר העברי״ און דער עולם הערט זיך צו, ווי פער׳כשופ׳ט, צו יעדען ווארט. זיין רעפעראט איז א געגענ-זאץ צו פרישמאנ׳ס. ער וויל נישט שאפען, ער יאגט זיך ניט נאך נייעס, ער וויל זאמלען און סארטירען אלץ, וואס איז ביז איצט געשאפען געווארען פון דעם יודען אין פערשידענע דורות און פערשידענע לשונות. ער פערלאנגט, דאס די הסתדרות זאל שאפען דעם העברעאישען ספר-הספרים, וואס זאל קאנען געבען דעם לעזער א בעגריף פון דער העברעאישער שאפונג.

זעהר וויכטיג איז אויך געווען דער רעפעראט פונ׳ם בע-קאנטען יודישען שריפטשטעלער ד״ר קאצענעלסאהן (בוקי-בן-יגלי) וועגען אויסבעסערן די העברעאישע ארטאגראפיע. די שווערע ארטאגראפיע פון העברעאיש שרעקט אב דעם אנפאנגער פון לערנען די שפראך. ביי אנדערע לשונות ערלערנט מען דאס לייענען תיכף, ביי העברעאיש אבער מוז מען צוערשט קענען גוט די גאנצע שפראך מיט דער גראמאטיק ביז מען קען לייענען אהן פעהלער. ער פערלאנגט, אז די הסתדרות זאל זיך דערמיט בעשעפטיגען, מען זאל שוין אמאל אבשאפען די פיעל דיאלעקטען אין העברעאיש און איינפיהרען איין איינציגען אלוועלטליכען דיאלעקט.

ד״ר יוסף קלויזנער ווידמעט זיין רעפעראט דעם „דבור העברי״: בן-יהודה איז געווען דער ערשטער, וואס האט איינגעפיהרט דאס העברעאישע ועדען אין אונזער צייט. בכלל זענען תמיד געווען ערטער אין דער וועלט, וואו יודען

האָבען געראָדט העברעאיש. דאָס גיעוויזען צופיעל יודישן רייזענדע פון מיטעלאַלטער, וואָס האָבען אין די וויטעסטע מקומות געטראָפען יודען, וואָס רעדען העברעאיש. ביי די תימנים איז נאָך היינט העברעאיש אַ לעבעדיגע שפּראַך. ווייטער שילדערט דער רעפערענט די ערשטע צייט (פאַר 30 יאָהר צוריק), ווען מען האָט געגרינדעט דעם ערשטען פעראיין „שפה ברורה״ צו רעדען העברעאיש אין ירושלים. היינט האָבען מיר שוין אין ארץ־ישראל אַ קליינעם העברעאישען קבוץ. די העברעאישע שפּראַך ענטוויקעלט זיך דאָרט אויף׳ן נאַטירליכען אופן פון די קינדער׳ אָן. די ערשטע פרוכט פון דאָרט זענען די תלמידים פון יפו׳ער גימנאַזיע, וואָס האָבען דאָס יאָהר געגעבען מאַטורא. אין גלות, אָבער, זאָגט דער רעפערענט, גלויב איך נישט אין גאַנצען אויפלעבען פון העברעאיש. דאָ קען עס נור בלייבען די לעבעדיגע שפּראַך פון דער יודישער אינטעליגענץ. דער רעפערענט שטעלט צום סוף פון זיין רעדע די פאָלגענדע צוויי רעזאָלוציעס: 1) יעדער דעלעגאַט צום ציוניסטישען קאָנגרעס, וואָס קען העברעאיש, מוז רעדען ביים קאָנגרעס נור העברעאיש. אפשר וועלען איינציגע ניט פערשטעהן; פערשטעהען אָבער דייטש, למשל, אויך ניט אַלע. 2) די קאָנפערענץ זאָל וועהלען אַ דעלעגאַציע, וואָס זאָל אויסאַרבייטען אַ מעמאָראַנדום וועגען דעם איינפיהרען פון העברעאיש אַלס שפּראַך פון לערנען אין טעכניקום פון חיפה.

דוד יעלין פון ירושלים דערמאָנט, אַז ד״ר קלויזנער האָט פערגעסען צו רעדען וועגען די קינדער־גערטנער אין ארץ־ישראל, וואו די קליינע קינדער האָבען זיך אויסגעלערנט העברעאיש רעדען און דערנאָך האָבען זיי געצוואונגען די מוטערס צו רעדען מיט זיי העברעאיש, און די מוטערס האָבען זיך אויף דעם אופן גאַנץ גוט די שפּראַך ערלערנט. דער רעדנער שליסט מיט׳ן פסוק: „מפי עוללים ויונקים יסדת עז״!

ד״ר מאָסעזאָהן, דער דירעקטאָר פון דער יפו׳ער גימנאַזיע, רעדט וועגען די ערציהונגס־אַנשטאַלטען אין פאַלעסטינאַ: אין ארץ־ישראל נעהמט די העברעאישע קולטור אַרום דאָס גאַנצע לעבען; ניט ווי אין די גלות־לענדער, וואו זי ענטוויקעלט זיך געגען דאָס לעבען, ניט מיט׳ן לעבען. די העברעאישע בילדונג הויבט זיך דאָרטען אָן פון די קינדער־

גערטנער, וואו קינדער פון 3 יאהר הויבען זיך אן צו שפּיע־לען און לעבען א קינדער־לעבען, און ענדיגט זיך מיט מיטעל־שוהלען, פון וועלכע מען געהט ארוים פארגעברייט צום לע־בען. די קינדער ווערען אין ארץ־ישראל די לעהרער פון זייע־רע מוטערס, וועלכע הויבען אן צוליעב זייערע קינדער צו רעדען העברעאיש. די דארפישע שוהלען זענען נאך ניט גע־קומען צו א הויכע מדרגה, עס פעהלען פיעל לעהר־מיטלען, עס פעהלען געאגראפישע־קארטען און פיעל אנדער זאכען, וואס זענען נויטיג. מיר האבען ניט קיין לעהרערס, וועלכע האבען זיך פארגעברייט צו זייער ארבייט. ס'זענען פאראן נאך פיעל שטערונגען אין דער ענטוויקלונג פון די שוהלען, אבער דאך האבען די שוהלען אריינגעטראגען א נייעם שטראם פון לעבען, פון נאציאנאלען לעבען אין די יודישע קאלאניעס. די שוהלען שאפען א יודיש־נאציאנאלע סביבה, און וואס מעהר דאס לע־בען ענטוויקעלט זיך, ענטוויקלען זיך אויך די שוהלען און בעסערען זיך אוים. די קינדער געפינען זיך דארטען ניט אונ־טער דער השפעה פון גאס, נאר פערקעהרט, די קינדער וויר־קען אויף דער סביבה און טראגען אריין א נייעם גייסט פון נאציאנאלען לעבען. דער רעפערענט רעכענט אוים די שוהלען, וואס עקזיסטירען אין ארץ־ישראל: 1) לעהרער־סעמינאר און האנדעלס־שוהלע אין ירושלים. 2) די גימנאזיעם אין יפו און אין ירושלים. 3) די אגראנאמישע שוהלע, וועלכע איז ניט לאנג געגרינדעט געווארען אין פתח־תקוה און וועלכע ווערט אוים־געהאלטען נור פון די קאלאניסטען. 4) סעמינאר פאר לעה־רערינס און קינדער־גערטנער, וועלכע בעשטעהט פון פיער קור־סען און איז געגרינדעט געווארען אויף לעווינסקי'ס נאמען. 5) קורסען פון לעהרערינס אין ירושלים. 6) בצלאל. 7) צוויי שוהלען פאר מוזיק.

דאס זענען אלץ אנשטאלטען, וועלכע זענען מאדערן און געשאפען געווארען אין דער לעצטער צייט. ס'זענען נאך פאר־האן פיעל תלמוד־תורות און ישיבות אין ארץ־ישראל. אבער זיי שטעהען פיעל נידריגער ווי אין רוסלאנד. מען לערנט דארט אזוי שלעכט, אז, נישט קוקענדיג אויף די הונדערטער יונגע־לייט, וואס לערנען זיך דארט, ווען מען דארף האבען א רב אין א קאלאניע—מוז מען איהם אויסשרייבען פון רוסלאנד. ווייטער

רעדט דער רעפערענט וועגען די חברות, וואס שטיצען די שוה-
לען אין פאלעסטינא: אליאנס, הילפספעראיין און דער אָדעסער
ועד. די „אליאנס" בעמיהט זיך אריינפיהרען פראנצויזיש אין
לאנד און גיט די קינדער א שלעכטע יודישע ערציהונג, אָדער
גאָר קיין ערציהונג. די לעצטע צייט האָט זי מסכים געווען
נעהמען אין די שוהלען גוטע העברעאישע לעהרער, מיט דעם
תנאי אָבער, אז דער אָדעסער ועד זאָל פאר זיי צאָהלען,
חאָטש „אליאנס" איז פיעל רייכער פאר'ן אָדעסער ועד. דער „הילפס-
פעראיין" וויל ווידער איינפיהרען דייטש אין ארץ-ישראל. עס
שאדט נישט, ווען מען לערנט אנ'אייראָפעאישע שפראך, אָבער
עס איז שעדליך, ווען מען לערנט די אלגעמיינע למודים, ווי
חשבון, געאָגראפיע א. א. וו., אויף דייטש און נישט אויף העב-
רעאיש. ווייטער רעדט ד"ר מאָסעזאָהן מכח די מיסיאָנערישע
שוהלען. א שטארקע אויפרעגונג רופט ארויס זיין ערקלערונג,
אז דוקא די אָרטאָדאָקסען און די פרומע יודען אין ארץ-ישראל
שיקען זייערע קינדער צו די מיסיאָנערען אין די שו-לען, ווייל
דאָרט וועלען זיי נישט הערען אפיקורסיש ווי אין די העברעאי-
שע שוהלען...

דער רעפערענט דערצעהלט ווייטער פון דער לעהרער-
אָרגאניזאציע אין פאלעסטינא, וועלכע האָט א גרויסע ווירקונג
אויף די שוהלען און אויף דער ערציהונג. חוץ די לעהרער אר-
בייטען פאר דער קולטור אין פאלעסטינא אויך די ארבייטער.
זיי האָבען געגרינדעט צייטונגען: „הפועל הצעיר" און „האחדות",
זיי גיבען ארויס פאָפולערע וויסענשאפטליכע בראָשורען א. א. וו.
חוץ דעם איז געגרינדעט געוואָרען אין פאלעסטינא א העברע-
אישער טעאטער, וועלכער האָט א גרויסע ווירקונג פאר דער
ענטוויקלונג פון דער שפראך. א בעזונדערע קאָמיסיע בעשעפ-
טיגט זיך דערמיט, וואס זי גיט ארויס די דראמאטישע ווערק
פון די אייראָפעאישע קלאסיקער.

זעהר אינטערעסאנט איז אויך געווען דער רעפעראט פון
ש. טשערנאָוויץ (ספוג) איבער „אונזער ביכער-מארק", אין
וועלכען ער האָט געשילדערט די היינטיגע לאגע פון יודישען
ביכער-מארק און כאראקטעריזירט דעם ליטעראטור-געשמאק פון
אונזערע לעזער.

דער רעפעראט פון דוד יעלין פון ירושלים איבער

דעם ועד-הלשון (אַ געלעהרטע קאָמיסיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אין ירושלים און בעשעפטיגט זיך מיט דער וויסענשאַפטליכער ענטוויקלונג פון דער העברעאישער שפּראַך, מיט שאַפען נייע טערמינאָלאָגיע און נויטיגע ווערטער פאַר דעם אַלטעגליכען געברויך) איז געווען זעהר רייך מיט פערשידענע וויסענשאַפטליכע מאַטעריאַלען. צו לעצט מוז מען נאָך דערמאָהנען דעם רעפעראַט פון נחום סאָקאָלאָוו איבער דעם פּאַלעסטינישען קולטור-פאָנד, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען דורך ה' פעלדשטיין פון וואַרשאַ און דאַרף זיך בעשעפטיגען נור מיט קולטורעלע זאַכען אין פּאַלעסטינאַ, ווי, למשל, גרינדען שוהלען און פערלאַגען א. ז. וו.

דעם 29-טען אויגוסט איז די קאָנפערענץ געשלאָסען געוואָרען מיט די וואַרעמע רעדעס פון ד"ר מאָצקין, ד"ר קלויזנער, ראובן בריינין, דוד יעלין און הלל זלאַטאָפּאָלסקי.

---

פיער טעג האָט געדויערט די קאָנפערענץ פון דער „הסתדרות". פיער טעג זענען געזעסען די דעלעגאַטען און געהאַלטען זעהר שענע רעדעס און רעפעראַטען. ווילען מיר אָבער מאַכען דעם סך-הכל פון דעם אַלעם, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען, קומען מיר צום בעשלוס, אַז פּראַקטיש האָט די קאָנפערענץ קיין שום נוצען ניט געבראַכט און די קאָנפערענץ איז געווען ניט מעהר און ניט ווייניגער ווי אַנ'אסיפה פון אַקאַדעמיקער און געלעהרטע, וואָס האָבען געהאַלטען וואונדערשענע רעדען און זעהר וויסענשאַפטליכע רעפעראַטען. אָבער אומזיסט וועט מען דאָרט זוכען אין דעם גרויסען ים פון ווערטער און מליצות פּראַקטישע רעזולטאַטען. די „הסתדרות" בכלל האָט זייט זי עקזיסטירט אַרויסגעלעגט אויף זיך אַ שווערען און גרויסען באַגאַזש פון אַרבייט און... ניט אויסגעפיהרט אפילו אַ הונדערטחלק פון איהרע אַרבייט. און ס'איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש, דאָס פון דעם ערשטען טאָג אָן זייט די „הסתדרות" איז געגרינדעט געוואָרען ביז היינטיגען טאָג איז זי געבליבען ניט מעהר ווי אַ קבוץ פון יודישע שריפטשטעלער, געלעהרטע און זשורנאַליסטען און ניט דערגרייכט ביז דער מדרגה פון אַ גרויסער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג.

און מיר ציוניסטען דארפֿען זיך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל קלאָר מאַכען אונזער שטעלונג צו דער „הסתדרות". אין דער לעצטער צייט הערט מען אָפֿט קלאָגען אין פֿערשידענע ציוניסטישע ספֿערען, אַז מיר האָבען געמאַכט אונזער אידעאַל צו אַ „פּושקע-ציוניזם", אַז מען האָט פֿון אונז אַרויסגעריסען די נשמה און אונז נאָר איבערגעלאָזט דעם גוף — ווער איז אין דעם אַלעם שולדיג, אויב ניט מיר אַליין, וואָס לאָזען יעדעס מאָל אויפֿגעבויט ווערען נייע חברות מיט נייע מיני הכתדרות'ן, וועלכע נעהמען פֿון אונז אַוועק אַלץ, וואָס האָט אונז געהערט, דעם גאַנצען אינהאַלט פֿון אונזער אידעע, און אונז לאָזען זיי איבער דאָס זאַמלען פֿון גראָשענס און קאָפּיקעס אָדער די עֲצֵי־זֵיתִים פֿאַר דעם הערצעל-וואַלד... איז דען ניט כמעט דאָס גאַנצע פּראָגראַם פֿון „הסתדרות" אונזער פּראָגראַם? די „הסתדרות" שטרעבט צו ענטוויקלען און פֿערשפּרייטען די העברעאישע קולטור און שפּראַך — איז דאָס ניט אונזער אַרבייט? היינט צו וואָס דאַרף מען האָבען נייע אָרגאַניזאַציעס, וואָס ברענגען אונז קיין שום נוצען ניט, ברענגען אָבער אונז דערצו, אַז אונזערע ווייניגע כחות, וואָס מיר פֿערמאָגען, ווערען צושפּליטערט און צוברעקעלט? ...

.II

# די פאַרקאָנפערענץ
# פון די רוסישע ציוניסטען.

צווישען אַלע קאָנפערענצען און צוזאַמענפאָהרען, וואָס קומען שטענדיג פאָר בשעת די קאָנגרעסען, פערנעהמט די פאָרקאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטען שטענדיג דעם ערשטען אָרט. דאָס איז אַ מין קליינער קאָנגרעס, וואו עס ווערען זעהר היים דעבאַטירט פערשיעדענע וויכטיגע פראַגען, וואו ס'ווערען קלאָר די פערשיעדענע שטרייט-פראַגען און אַרויסגעגעבען נייע לאָזונגען פאַר'ן גרויסען קאָנגרעס. היי-יאָהר איז די רוסישע פאָר-קאָנפערענץ געווען בעזונדערס לעבעדיג און אינטערעסאַנט, ווייל אין די רייהען פון די רוסישע ציוניסטען אליין האָט זיך געפיהלט אַ שטימונג פון אַן ערנסטען קאַמפף פון פער-שיעדענע זעלבסטשטענדיגע גרופען בנוגע צו אינערליכע און אויסערליכע פראַגען, וואָס זענען געשטאַנען אויפ'ן סדר-היום.

די פאָרקאָנפערענץ פון די רוסישע דעלעגאַטען האָט זיך גע-עפענט פרייטאָג דעם 28-טען אויגוסט, אין בעטהאָווען-זאַל, מיט אַ בע-גריסונגס-רעדע פון נחום סאָקאָלאָוו אין נאָמען פון דעם אַקציאָנס-קאָ-מיטעט. ה' סאָקאָלאָוו פערזיכערט, אַז עס איז נישט ריכטיג די מיינונג, וועלכע מען פערשפרייט אין דער לעצטער צייט, דאָס דער ציוניזם איז שוואַכער געוואָרען. אַז דער ציוניזם האָט נישט באַנקראָטירט ווייזט דער פאַקט, דאָס די צאָהל דעלעגאַטען איז שוין יעצט גאַנץ בעדיי-טענד און אַלע זענען דאָך נישט געקומען. צו די ציוניסטען מעג מען אויך צורעכענען די אַלע פערשיעדענע אַמעריקאַנער, אַפריקאַנער א. א. וו., וועלכע זענען אין אמת'ן רוסישע יודען. דער ציוניזם, זאָגט ווייטער סאָקאָלאָוו, איז צוליעב גאַנץ פערשטענדליכע סבות נישט גע-ווען אַזוי שרייענד, ווי דער ציוניזם אין אַנדערע לענדער, דאָך איז די גאַנצע צוויי יאָהר געגאַנגען אַ גאַנץ פלאַנמעסיגע אַרבייט וועלכע האָט געגעבען גוטע רעזולטאַטען.

ה' סאָקאָלאָוו לעגט-פאָר אויסצוקלייבען אין פרעזידיום ד"ר טשלענאָוו, ד"ר סאַפיר, אינזשינער ברוק און אַלס סעקרעטאַרען ד"ר בערנשטיין און גאָלדשטיין. דער פאָרשלאַג ווערט איינשטימיג אָנגע-נומען און ה' ברוק פערנעהמט דעם שטוהל פונ'ם פאָרזיצענדען. ער רעדט וועגען דער נויטיגקייט פון אַ רעגעלמעסיגער און רוהיגער אַר-

בייט פון דער פארקאנפערענץ, און לעגט־פאר, אז די אלע רעדעס, וועלכע וועלען געהאלטען ווערען אין העברעאיש, זאלען איבערגע־זעצט ווערען אויף רוסיש, אום אלע זאלען פערשטעהן. דיזער פאר־שלאג פונ׳ם פארזיצענדען האט ארויסגערופען גרויסע אויפרעגונג פון די דעלעגאטען, וועלכע רעכענען זיך מיט דעם ווירקליכען לעבען און קאנען נישט ערלויבען, אז די יודישע פאלקס־שפראך זאל איגנ־גאנצען ארויסגעטריבען ווערען פון א גרויסע יודישע אסיפה און איהר ארט זאל פערנעהמען רוסיש, און וואס פאר א רוסיש!... אט יענער רוסישער דיאלעקט, וועלכער קלינגט אזוי קאמיש און לעכער־ליך אויף דער יודישער גאס אין מינסק אדער אין ווילנא!...

מען שטעלט די שפראכען־פראגע צו אבשטימונג. 24 זאגען זיך ארויס פאר איבערזעצען אויף יודיש און 27 געגען און עס ווערט אנגענומען איבערצוזעצען די העברעאישע רעדעס אויף רוסיש. דיזער אונטאקטישער בעשלוס איז דורכגעגאנגען נור צוליעב דעם, וואס פיעל רוסישע דעלעגאטען זענען נאך נישט געקומען און די, וועלכע זענען געווען, זענען על־פי־רוב געוועזען די מיטגליעדער פון דער הסתדרות־קאנפערענץ, וואס רעכענען זיך זעהר ווייניג מיט דעם ווירקליכען לעבען.

עס ווערט דורכגעלעזען א בעריכט פון אקציאנס־קאמיטעט פון בערלין וועגען דער ציוניסטישער טעטיגקייט אין רוסלאנד [1]......

נאכדעם, ווי מען האט געענדיגט לעזען דעם בעריכט, וועלכען מען האט איבערגעזעצט אויף רוסיש, האבען זיך אנגע־הויבען די דעבאטען.

די מייסטען רעדנער האבען קריטיקירט די טעטיגקייט פון אקציאנס־קאמיטעט און אויפגעוויזען דערויף, אז עס פעהלט אונז א צענטר, א הנהגה. מען רעדט איצט, אז מיר זענען פראק־טיש געווארען, און דאך בלאנדזשען מיר ארום אהן א הויפט־אידעע,—בשעת אמאל, ווען די פאנטאזיארען האבען געארבייט, האבען מיר דאך געארבייט זעהר פיעל. אנדערע זענען אויך שארף ארויסגעטרעטען געגען אקציאנס־קאמיטעט, וואס האט אזוי ווייניג געטהון פאר די קרבנות פונ׳ם באיקאט אין פוילען.

דאס ווארט בעקומט וול. זשאבאטינסקי, וועלכער רעדט אין א שענעם, פאלקסטימליכען העברעאיש. דער רעדנער

---

1) צוליעב אונאבהענגיגע פון אונז סבות איז דער גאנצער בעריכט פון אונזער בוך ארויסגעווארפען געווארען.

עֶרקלֶערט, אַז עֶר רעֶדט העֶבּרעֶאִישׁ נִישׁט צוּלִיעֶבּ אַ דעֶמאָנ־ סטראַציעֶ, נאָר ווייַל צוּ ציוֹנִיסטעֶן ווִיל עֶר רעֶדעֶן אוֹיף העֶבּ־ רעֶאִישׁ. „אִין שׁוּהל—נִישׁט העֶבּרעֶאִישׁ, אִין דעֶרהייִם נִישׁט, אוֹיפ'ן קאָנגרעֶס אוֹיך נִישׁט -- טאָ וואוּ דעֶן?“ פֿרעֶגט דעֶר רעֶדנִיער אוּן ווענדעֶט זִיך צוּ דִי, וואָס פֿעֶרשׁטעֶהעֶן נִיט העֶבּ־ רעֶאִישׁ, אַז זייַ זאָלעֶן, קוּמעֶנדִיג אַהייִם, נעֶהמעֶן זִיך אַ מלמד אוּן לעֶרנעֶן דִי שׁפּראַך. אַרִיבּעֶרגעֶהעֶנדִיג צוּ דעֶר קרִיטִיק פֿוּנ'ם דין וחשבּוֹן, זאָגט ה' זשאַבּאָטִינסקִי: דעֶר מצב פֿוּן אוּנזעֶר בּעֶוועֶגוּנג אִין רוּסלאַנד אִיז לחלוּטין אוּנזִיכעֶר. וואָס אִיז דִי סבּה דעֶרפֿוּן? אפשר אִיז נִישׁטאָ קייִן צוּזאַמעֶנהאַנג צווִי־ שׁעֶן דִי אַגוּדוֹת אוּן דעֶם אַקציאָנס־קאָמִיטעֶט? נאָר דאָס וואָלט נִישׁט געֶווען אַזוֹי שׁלעֶכט, ווען עֶס וואָלט נִיט געֶפֿעֶהלט דעֶר געֶזעֶלשׁאַפֿטלִיכעֶר דוֹפּק, דאָס וואַרִימעֶ געֶפֿיהל פֿוּן דעֶר סבִיבה, אַז ס'אִיז פֿאַרהאַן וואוּ־נִיט־אִיז אַ הנהגה, וואָס פֿעֶרמאָגט דִי קראַפֿט אוּן דעֶם ווִילעֶן. אָהן ווִילעֶן קאָנעֶן נִישׁט זייַן קייִן רִיכ־ טִיגעֶ מנהיגים. אַדרעֶסעֶן זעֶנעֶן דאָ, עֶס פֿעֶהלעֶן אָבּעֶר דִי אמת'עֶ מנהיגים, וואָס דרִיקעֶן־אוֹיס דעֶם ווִילעֶן פֿוּן כּלל אוּן קאָנעֶן געֶבּעֶן דִירעֶקטִיוועֶן. מעֶן האָט זִיך אִינגאַנצעֶן אָבּגעֶ־ ווֹעהנט צוּוועֶנדעֶן זִיך נאָך דִירעֶקטִיוועֶן צוּם אַקציאָנס־קאָמִי־ טעֶט. אוּן מִיר האָבּעֶן דאָך געֶהאַט אַ פִֿיהרעֶנדעֶ אִידעֶע. וואָס אִיז געֶוואָרעֶן פֿוּן דעֶם העֶלסִינגפֿאָרסעֶר פּראָגראַם? אמת, דאַ־ מאָלס אִיז געֶווען אַ צייַט, בּשעת מִיר האָבּעֶן געֶגלוֹיבּט, אַז מִיר ווֹעלעֶן קעֶנעֶן עֶנדעֶרן דאָס לעֶבּעֶן דוּרך אוּנזעֶרעֶ החלטוֹת. דִי צייַטעֶן האָבּעֶן זִיך אָבּעֶר געֶבּיטעֶן. דעֶר עיקר פֿוּן דִי אִי־ דעֶען האָט דאָך געֶקאָנט פֿעֶרבּלייַבּעֶן. מעֶן האָט בּעֶדאַרפֿט אָנהוֹיבּעֶן מִיט דעֶר קוּלטוּרעֶלעֶר אַרבּייַט. וואוּ אִיז דִי אַר־ בּייַט?

אוֹיך אִין פּוֹילעֶן אִיז אִיצט אוּנזעֶר לאַגעֶ טרוֹיעֶרִיג. אַ גאַנצעֶ נאַציעֶ שׁטעֶהט געֶגעֶן אַ נאַציעֶ, יוּדעֶן שׁטעֶהעֶן נִיט־בּעֶ־ וואָפֿעֶנט געֶגעֶן זייעֶרעֶ געֶגנעֶר. מעֶן אִיז אִין כּעס אִין פּוֹילעֶן פֿאַרוואָס מִיר לייעֶנעֶן נִיט זייעֶרעֶ בּלעֶטעֶר, נאָר אוּנזעֶרעֶ, פֿאַר־ וואָס מִיר רעֶדעֶן יוּדִישׁ, פֿאַרוואָס מִיר האָבּעֶן טעֶאַטעֶרן, פֿאַר־ וואָס מִיר עֶקזִיסטִירעֶן זעֶלבּסטשׁטעֶנדִיג, ווִי אַ פֿאָלק. עֶס קעֶמפֿפֿעֶן דאָרט צוויי נאַציעֶס. האָט אִיהר דעֶן פֿוּן אוּנזעֶר אַקציאָנס־קאָ־ מִיטעֶט אַ נייַעֶם וואָרט געֶהעֶרט? האָט אִיהר געֶפִֿיהלט זייַן אייַנ־

פּלוס אין קאַמפף? וואָס האָט מען געטהון, כדי צו שיצען די יודישע מאַסען?

אויב ס'וועט ווייטער אַזוי דויערן און מיר וועלען זיין אָהן אַ צענטראַלען דופק, אָהן אַ צענטראַלען רצון, וועלען מיר צו דער קינפטיגער קאָנפערענץ זעהן אַנ'אַנדער בילד.

נאָכהער קריטיקירט זשאַבאָטינסקי זעהר שאַרף דעם ציוניסטישען אָרגאַן „ראַזסוועט", וועלכער האָט פריהער געהאַט אויף יעדען ציוניסט אַ שטאַרקע השפעה און איצט איז דער אָרגאַן אַ פוסטער, אָהן אַ צוועק, אָהן אַ ווילען, אָהן נייע לאָזונגען און אָהן אַ שום פּראָגראַם. ווייטער זאָגט דער רעדנער, אַז דער מצב, אין וועלכען ס'געפינט זיך אַצינד דער רוסישער ציוניזם, איז דערעסען געוואָרען און מען מוז אָנהויבען ווידער ענערגיש צו אַרבייטען, איבערבויען איינגאַנצען, פון'ם אָנהויב ביז'ן סוף.

אַדוואָקאַט ראָזענבוים פון מינסק ענטפערט זשאַבאָטינסקי'ן זעהר קלוג און וויציג. עס איז דאָ אַ חלוק צווישען הנהגה און אַקציאָנס-קאָמיטעט. בשעת איינע מוז אָנפיהרען מיט דער בעוועגונג, דאַרף די אַנדערע זיין נור אַ מיטעל-פונקט, אָט דאָס פּינטעלע, אַרום וועלכען אַלע אָרגאַניזירען זיך. און די דאָזיגע אויפגאַבע האָט דער אַקציאָנס-קאָמיטעט זעהר גוט ערפילט, נעהמענדיג אין בעטראַכט די אומשטענדען, ביי וועלכע ער האָט געאַרבייט. קיינער האָט איהם אָבער ניט אונטערשטיצט, ניט געהאָלפען. ווייטער שטעלט זיך אָב ה' ראָזענבוים אויף אַלע בעשולדיגונגען פון זשאַבאָטינסקי'ן און בעווייזט ווי ווייט זיי זענען ניט בעגרינדעט.

נאָך די רעדע פון אַדוואָקאַט ראָזענבוים, וואָס האָט אָבגעשוואַכט די ווירקונג פון זשאַבאָטינסקי'ן, ווערט די ערשטע זיצונג פון דער רוסישער פאָרקאָנפערענץ געשלאָסען, ווייל ס'איז שוין געווען פרייטאָג אַ זייגער זעקס אין אָווענד און, ווי בעקאַנט, קומט שבת ניט פאָר קיין שום זיצונגען.

---

די צווייטע זיצונג פון די רוסישע ציוניסטען הויבט זיך אָן מוצאי-שבת מיט דער רעדע פון ד"ר שמעון מילנער, וועלכער טרעט אַרויס געגען זשאַבאָטינסקי'ן: ניט נאָרמאַל —

זאָגט דער רעדנער — איז אונזער לעבען און ניט נאָרמאַל איז
אויך אין דער לעצטער צייט אונזערע אָפּאָזיציעס. מען רעדט,
מען ליאַרמט און מען ווייסט ניט וואָס מען וויל. דאָס האָט
מען אויך געפּיהלט אין די אַלע רעדען געגען דער הנהגה
ווי אויך געגען דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. זשאַבאָטינסקי׳ס רעדע,
וואָס ער האָט געהאַלטען אין אַ זעהר שענעם העברעאיש, איז
אָבער געוועזען ניט מעהר און ניט ווענינער ווי אַ פּיעלפאַרבינע
ראַקעטען־שיסעריי און ער האָט ניט אָנגעוויזען דערויף, וואו
איז אייגענטליך די שולד פון אַקציאָנס־קאָמיטעט. דער פּאָרליע־
גענדער דין וחשבון בעווייזט ניט די שולד פון דער הנהגה,
נאָר דאָס איז אַן אָרימקייטס־צייגניש פון דעם גאַנצען רוסישען
ציוניזם. וואָס בעדייטעט — פרעגט ד״ר מילנער — אין אַ לאַנד
פון 6 מיליאָן יודישע איינוואוינער פופציג טויזענד שקלים? וואָס
אָנבעלאַנגט די אָנפאַלען פון זשאַבאָטינסקי׳ן אויף די הנהגה
דערפאַר, וואָס זי האָט גאָר ניט געטהון פאַר די קרבנות פון׳ם
באָיקאָט, איז לויט מילנער׳ס מיינונג, דאַרף מען דעם אַק־
ציאָנס־קאָמיטעט געבען אַ יישר־כח דערפאַר, וואָס ער האָט זיך
אין דער זאַך ניט געמישט... ווייטער ערקלערט דער רעדנער,
אַז אויב די הנהגה האָט ניט ערפילט איהרע אויפגאַבען, איז
אין דעם ניט זי שולדיג, נאָר די ציוניסטישע אַרבייטער אין
פערשיעדענע שטעדט און ערטער, וועלכע האַלטען נישט פאַר
נויטיג צו ענטפערן אַפילו דעמאָלט, בשעת דער אַקציאָנס־קאָ־
מיטעט טעלעגראַפירט צו זיי.

זעהר שאַרף טרעט אַרויס ד״ר מילנער ווייטער אין זיין
רעדע געגען דעם נישט־פאָלקסטימליכען גייסט, וואָס הערשט,
לויט זיין מיינונג, אין דעם רוסישען ציוניזם. מיר נעהמען —
זאָגט דער רעדנער — פון פאָלק און געבען איהם גאָר ניט.
די פאָרקאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטען האָט מען גע־
מאַכט צו אַ „דוואָריאַנסקע סאָבראַניע״, פון וועלכער מ׳האָט
אַרויסגעטריבען די פאָלקס־שפּראַך און איהר אָרט האָט פערנו־
מען רוסיש. און דאָס איז אונזער גאַנצער אומגליק, וואָס בנוגע
צו דער יודישער שפּראַך זענען די פיהרער פון די רוסישע
ציוניסטען געוואָרען אמת׳ע מאַניאַקען! מען ליידט פון אַ פער־
פאָלגונגס־מאַניע. „אייער מורא — ווענדעט זיך מילנער צו דער
קאָנפערענץ — איז אַ סימן פון אייער ניט־גלויבען. די יודי־

שע פֿאָלקס־שפּראַך קאָן ניט און וועט ניט פֿער־נעהמען דעם אָרט פֿון העבּרעאיש, אַזוי ווי או־גאַנדא איז ניט געווען אימשטאַנד צו פֿערנעה־מען דעם אָרט פֿון פּאַלעסטינאַ. דער ציוניזם אין רוס־לאַנד איז ניט קיין פֿאָלקסבּעװעגונג, ווייל ער פֿערמאָגט ניט דעם שליסעל צו די הערצער פֿון די ברייטע מאַסען. עס איז גאַנץ כאַראַקטעריסטיש, דאָס אין רוסלאַנד האָבּען מיר פּאַרטיי־אָרגאַנען אויף רוסיש און אויף העבּרעאיש און מיר בּעמיהען זיך גאָר ניט צו רעדען צו די מאַסען אויף זייער שפּראַך. אָט דיזע שנאָה—ענדיגט דער רעדנער זיין רעדע—צו דער יודישער שפּראַך מיט דער לעבּערליבּער „עברית־או־רוסית״־פּאָליטיק, וואָס הערשט אַצינד אין די אָנפֿיהרענדע קרייזען פֿון רוסישען ציוניזם, קאָן בּרענגען צו זעהר שלעכטע רעזולטאַטען.

משה קליינמאַן ענטפֿערט מילנער׳ן און ווייזט אָן דע־רויף, דאָס די פּאַרטיי־אָרגאַנען, וועלכע זענען געוועזן אויף יו־דיש, האָבּען ניט געקאָנט עקזיסטירען און דאָס רוסישע וואָ־כענבּלאַט פּראָגרעסירט. ער פֿערטיידיגט וויַיטער דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט און ערקלערט, אַז די רוסישע ציוניסטען דאַרפֿען זיין דאַנקבּאַר דעם א.־ק. פֿאַר זיין אַרבּייט.

ד״ר פּאַסמאַניק טרעט אַרויס פֿאַר׳ן א.־ק. ער שטעלט־פֿעסט, אַז קיין פּרינציפּיעלע קריטיק איז נישט געוועזן אַחוץ עטליכע ווערטער פֿון זשאַבּאָטינסקי׳ן. נאָר אויך ער האָט צונויפֿגעמישט צוויי זאַכען — פּראָגראַם און רצון. און ווען דער א.־ק. וואָלט טאַקי נישט געהאַט קיין שטאַרקען רצון — הייסט דען דאָס, אַז ער האָט ניט געהאַט קיין פּראָגראַם און קיין פּלאַטפֿאָרם? און אויך זשאַבּאָטינסקי׳ס פּראָגראַם ענטהאַלט אין זיך גאָר נישט קיין נייעס: ס׳זענען די אַלטע פֿראַגען וועגען נאַציאָנאַלע שוהלען, שפּראַך און בּאָיקאָט אין פּוילען, פֿון וועל־כע עס איז שוין גענוג גערעדט און דעבּאַטירט געוואָרען. וויי־טער רעדט דער רעדנער געגען דעם העלסינגפֿאָרסער פּראָ־גראַם, וועלכע, ווי ס׳איז בּעקאַנט, ענטהאַלט אין זיך אַ בּרייטע געגענוואַרטס־אַרבּייט. פּאַסמאַניק זאָגט, אַז די שטימונג איז אַצינד אַנ׳אַנדערע געוואָרען; די יוגענד איז מעהר פּאַלעסטי־נעזיש געוואָרען. דער ציוניזם איז קודם־כל אַ וועלט־אָנשויאונג און נישט קיין שטימונגס־פּראָגראַם, וואָס בּייט זיך שנעל און

אָפּט. זשאַבאָטינסקי'ס פּראָגראַם איז נישט ציוניזם, ווײַל דערי־
בער זענען מיר דאָך ציוניסטען און מיר פֿערשטעהען, אַז ס'איז
לחלומין אונמעגליך אין גלות ראַדיקאַל צו ענדערן אונזער מצב
און שאַפֿען אַ נאָרמאַלען לעבען. וואָס אָנבעלאַנגט פּוילען — איז
אַ טעות, ווען זשאַבאָטינסקי מיינט, אַז דאָרט שטעהט איין נאַ־
ציאָן געגען די אַנדערע. הלואי וואָלט אַזוי געווען! אין דער
ווירקליכקייט אָבער שטעהט אויף איין זייט אַ נאָרמאַל שטאַרק
פֿאָלק, און אויף דער אַנדערער — מיר, יודען ... און דעריבער
קאָן מען נישט פֿיהרען דעם קאַמפּף אַזוי, ווי ס'ווילט זיך זשאַ־
באָטינסקי'ן. צום סוף ערקלערט דער רעדנער דאָס גאַנצע פּראָ־
גראַם פֿון זשאַבאָטינסקי'ן פֿאַר ראָמאַנטיזם פֿון אַ בעל־חלומות,
וואָס ווערט גלייך צושטערט. ער ווענדעט זיך שאַרף געגען די,
וואָס האָבען פֿערלאָזט דעם א.־ק. און גאָרנישט געטהון און דער־
נאָך קומען זיי קריטיקירען.

אידעלסאָהן פֿערטיידיגט דעם „ראַזסוועט" געגען זשאַ־
באָטינסקי'ס אָנפֿאַלען. דער „ראַזסוועט" איז ניט נור אַ פּאַרטיי־
אָרגאַן, נאָר פֿון גאַנצען רוסישען יודענטום און די העלפֿט לעזער
זיינע זענען גאָר נישט קיין ציוניסטען. נאָכהער רעדט ער וועגען דער
שטעלונג פֿון „ראַזסוועט" צו דער פֿראַגע פֿון דער יודישער שפּראַך
און דעם באָיקאָט אין פּוילען.

אינזשינער סירקין פֿון קיעוו זאָגט, אַז ער האָט גאָר
נישט געגען אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיין אויפֿגאַבע ער־
פֿילט און זעהר פֿיעל געאַרבייט. דער ציוניזם אָבער איז גע־
וואָרען זעהר בלוטאַרם און אָהן אַנ'אינהאַלט. די ציוניסטען
זענען אַרויסגעשטופּט געוואָרען פֿון אַלע פּאָזיציעס פֿון לעבען.
בנוגע צו דער יודישער שפּראַך זאָגט ה' סירקין, אַז ווען די
העבּרעאיסטען וואָלטען פּאַקטיש ליעב געהאַט העברעאיש, וואָל־
טען זיי אַזוי פֿיעל וועגען איהר נישט געשריגען און נישט גע־
ליאַרמט. יודיש האָט מען אַרײַנגעלעגט אין אַ חרם—און דאָס
דערוויַיטערט פֿון אונז אַ סך פֿון די, וואָס קאָנען דערמיט נישט
איינפֿערשטאַנדען זיין.

זונטאָג דען 31־טען אויגוסט האַלט וולאַדימיר זשאַ־
באָטינסקי אַ לאַנגען רעפֿעראַט אויף העברעאיש וועגען דער
קולטור־אַרבייט אין גלות. ער ווייזט אויף, אַז מיר פֿערשטע־
העז נאָך ביז יעצט נישט, דאָס נאַציאָנאַלע ערציהונג איז נישט

דאָכּוּעֶלבּעֶ, וואָס נאַציאָנאַלעֶר בּעֶוואוּסטזײַן. לאָמיר נעֶהמעֶן אוּנזעֶר יוּגעֶנד, — אַ יוּנגעֶרמאַן, וועֶלכעֶר האָט יאָהרעֶנלאַנג געֶלעֶרנט רוּסיש, זיך עֶרצויגעֶן אוֹיף דעֶר רוּסישעֶר שפּראַך אוּן רוּסישעֶר ליטעֶראַטוּר, אַזאַ יוּנגעֶרמאַן ווערט מיט אַמאָל ציוֹניסט. אמת, דעֶרדאָזיגעֶר יוּנגעֶרמאַן איז מיט׳ן גאַנצעֶן האַרצעֶן איבּעֶרגעֶגעֶבּעֶן דעֶר ציוֹניסטישעֶר אידעֶע, נאָר עֶר איז איך יסוד אַ צוּבּראָכעֶנעֶר מעֶנש: עֶר דעֶנקט אוֹיף אַנ׳אַנדעֶר שפּראַך, עֶר איז דוּרכגעֶנוּמעֶן מיט אַנ׳אַנדעֶר קוּלטוּר. אוֹיבּ מיר ווילעֶן דעֶם טעֶרמין „נאַציאָנאַלעֶ עֶרציהוּנג״ געֶבּעֶן אַ לעֶבּעֶדיגעֶן אינהאַלט, מוּזעֶן מיר פריהעֶר פאַר אַלץ איבּעֶרבּײַטעֶן אוּנזעֶרעֶ עֶרציהוּנגסמעֶטאָדעֶן. עֶס איז וועֶניג צוּ רעֶפאָרמירעֶן אוּנזעֶרעֶ עֶקזיסטירעֶנדעֶ שוּהלעֶן. אַז אוּנזעֶרעֶ חדרים טויגעֶן נישט זעֶנעֶן דאָך אַלעֶ מוֹדה. אמת, מיר האָבּעֶן חדרים מתוקנים, אָבּעֶר זיי טויגעֶן אויך נישט. מיר האָבּעֶן „יוּדישעֶ גימנאַזיעֶס״ — אָבּעֶר צי דעֶן זעֶנעֶן אָט דידאָזיגעֶ שוּהלעֶן, וואוּ אַלעֶ למוּדים ווערעֶן געֶלעֶרנט אוֹיף רוּסיש אוּן העֶבּרעֶאיש ווערט זעֶהר וועֶניג געֶלעֶרנט, אוּנזעֶרעֶ נאַציאָנאַלעֶ שוּהלעֶן? קײנמאָל נישט! אוֹיבּ מיר ווילעֶן געֶבּעֶן אוּנזעֶרעֶ קינדעֶר אַ נאַציאָנאַלעֶ עֶרציהוּנג, מוּזעֶן מיר שאַפעֶן די נאַציאָנאַלעֶ שוּהלעֶ, וואוּ אַלץ זאָל געֶלעֶרנט ווערעֶן אוֹיף העֶבּרעֶאיש, אוּן אוֹיף אַזאַ אוֹפן וועֶלעֶן מיר שאַפעֶן אַ נײַעֶם געֶזוּנדטעֶן דוֹר, וואָס וועֶט קעֶנעֶן אוּנז בּרעֶנגעֶן זעהר פיעֶל נוּצליכעֶס. דעֶר רעֶדנעֶר איז מוֹדה, אַז בּײַ היינטיגעֶ בּעֶדינגוּנגעֶן איז רוּסלאַנד איז שוועֶר צוּ גריגדעֶן אַזעֶלכעֶ שוּהלעֶן. אוֹיך לעֶהרעֶר האָבּעֶן מיר וועֶניג, אָבּעֶר געֶנוּג אוֹיף מאַכעֶן די התחלה. אַלזאָ פאָדעֶרעֶן מיר, אַז מעֶן זאָל גלײַך צוּטרעֶטעֶן צוּ דעֶר אַרבּײַט אוּן גריגדעֶן אַזאַ שוּהלעֶ. מעֶן זאָל ונישט געֶהן אוֹיף קיין שוּם פשרוֹת; אַלץ מוּז געֶלעֶרנט ווערעֶן אוֹיף העֶבּרעֶאיש! מעֶן וועֶט דאָרט אוֹיך אַנדעֶרעֶ שפּראַכעֶן לעֶרנעֶן, אָבּעֶר די למוּד-שפּראַך מוּז זײַן העֶבּרעֶאיש. עֶר לעֶגט-פאָר פאָלגעֶנדעֶ ר[illegible]אָלוּציעֶס:

1) די ציוֹניסטישעֶ אָרגאַניזאַציעֶ פאָדעֶרט, אַז אין די שוּהלעֶן זאָל די העֶבּרעֶאישעֶ שפּראַך זײַן די שפּראַך פוּן אַלעֶ יוּדישעֶ אוּן אַלגעֶמײנעֶ למוּדים. 2) נעֶבּעֶן דעֶם ציוֹניסטישעֶן מרכּז זאָל געֶגריגדעֶט ווערעֶן אַ ספּעֶציעֶלעֶ קאָמיסיעֶ, וועֶלכעֶ

זאָל זיך ספּעציעל פֿערנעהמען מיט שאַפֿען מיטלען, כּדי צוצו־טרעטען צו דער אַרבּײַט. ווײַטער לעגט ער פֿאָר אַ דריטע רע־זאָלוציע, אַז דער פּרעזידיום אויף אַ ציוניסטישער פֿערזאַמלונג מוז רעדען העבּרעאיש.

דאָס וואָרט בּעקומט אינזשינער סירקין, וועלכער געפֿינט, אַז די אידעע פֿון אַ שוהלע, וואו אַלע למודים זאָלען זײַן אין העבּרעאיש, איז אַ חלום און אַ אוטאָפּיע, וועגען וועל־כער עס קאָנען קלערען נור מענשען, וואָס ווילען זיך נישט רעכענען מיט׳ן ממשות׳דיגען לעבּען. אַזאַ מין שוהלע וואָלט נור מעגליך געווען, ווען דאָס גאַנצע פֿאָלק וואָלט רעדען העבּ־רעאיש, אָבּער דערווײַל און נאָך גאַנץ לאַנג וועט יודיש זײַן די שפּראַך פֿונ׳ם פֿאָלק. העבּרעאיש וועט נישט ראַטעווען פֿון אַסימילאַציע, והא ראיה: די מערב־אײראָפּעאישע אַסימיליאַטאָרען זענען גראָד גוטע העבּרעאיסטען, אײַנגעווייקט אין חכמת־היהדות, און ווילען דאָך פֿון קיין לעבּעדיגען יודענטום נישט וויסען. דער ציוניזם מוז זיך אָבּזאָגען פֿון דעם איצטיגען יודיש־פֿײַנד־ליכען קורס. אַמאָל, ווען דער ציוניזם איז געווען אַ פֿאָלקס בּע־וועגונג, האָט ער גערעדט אויף דער שפּראַך פֿון פֿאָלק, האָט אַרויסגעגעבּען זאָגאַר אַ צײַטונג אויף יודיש. „די וועלט" איז ער־שינען אין דײַטש און אין יודיש. דעמאָלט האָט מען פֿון ציוניס־טען נישט געהערט אַזעלכע ווערטער, אַז דער „זשאַרגאָן" איז אַנ׳אומגליק, אַ נגע־צרעת, ווײַל דער אַמאָליגער פֿאָלקס־ציוניזם האָט פֿערשטאַנען, אַז יודיש איז אַ גרויסער נאַציאָנאַלער פֿאַק־טאָר. איצט האָט זיך דער ציוניזם דערווײַטערט פֿון די פֿאָלקס־מאַסען און מאַכט דאַרום צו שפּאָט די שפּראַך פֿון לעבּעדיגען לעבּען. בּאַלד מען וועט מאַכען — ווי זשאַבּאָטינסקי לעגט פֿאָר — אַ שפּראַך־אינקוויזיציע, ווען מיר מיט אײַך מלחמה האַלטען בּיד חזקה. עס איז גאַנץ געפֿעהרליך פֿאַר׳ן ציוניזם, ווען דאָס אויסערליכע הויבּט אָן צו שפּיעלען די הויפּט־ראָלע, די שפּראַך איז אַלץ און די בּעוועגונג איז אַ נעבּען־זאַך. נישט מיט תּרועת מלחמה וחצוצרות — ענדיגט סירקין — נישט מיט גײַסטי־גער אינקוויזיציע וועט דער ציוניזם מנצח זײַן!

נאָך סירקינ׳ען טרעט אַרויס אַדוואָקאַט גרינבּוים פֿון וואַרשא. ער זאָגט, אַז זשאַבּאָטינסקי פֿערגעסט, אַז די ציוניס־טען האָבּען נישט קיין מלוכה און זענען דערום נישט בּכח

דורכצופיהרען אזא ערציהונגס־רעפארם, ווי אויפצובויען אין גלות העברעאישע מיטעל־שוהלען. דאס איז מעגליך אין ארץ־ישראל, וואו ס׳האבען זיך געפונען יחידים — אידעאליסטען און האבען דאס געמאכט. אבער אויסער דעם איז פראקטיש אויך נישט דורכפיהרבאר דער פלאן פון זשאבאטינסקי׳ן. די, וואס ווען ענדיגען אין גלות זיינע העברעאישע גימנאזיעס, וועלען לעבען, ווי אויף אנ׳אינזעל — איינגאנצען אבגעזונדערט פון קינדער, פון דער געזעלשאפט, פון אלע קרובים און אזא יונגער מענש, וואס וועט ערצויגען ווערען נור אויף העברעאיש, וועט זיך פיהלען ווילד־פרעמד, ווען ער וועט קומען אויף דער דזיקא־גאס אין ווארשא, אדער זאוואלנא אין ווילנא. פרעמד וועלען זיי זיין דארט, וויל מען רעדט דארט יודיש, און מיט זשאבאטינסקי׳ס פלענער ברענגען מיר דערצו, אז די יוגענד וועט זיין אבגע־טיילט דורך א טיפען תהום פון פאלק. „פערטיעפט נישט דעם תהום, צוטיילט נישט די כנסת־ישראל!” שרייט אוים דער רעדנער און דערמאנט דעם ערשטען טאג פון דער קאנפערענץ, בשעת מען האט נישט געלאזט איבערזעצען אויף יודיש דעם דין וחשבון, און זאגט, אז זיין פנים ווערט רויט פון חרפה, אז אויף דער דאזיגער אסיפה האט מען פערטריבען די פאלקס־שפראך. די לאזונגען און פאדערונגען פון „הסתדרות” זענען גע־גען דעם אמת פון לעבען, געגען דער ווירקליכקייט — און ער ווארענט די קאנפערענץ פון דער פערבלענדעניש, וואס עס הערשט אצינד און וואס פערטרייבט ביסלעכווייז די ציוניסטען פון דער יודישער גאס.

ד״ר יוסף קלויזנער רעדט אויך געגען זשאבאטינ־סקי׳ן. ער איז א געגנער פון דער העברעאישער שוהלע אין גלות וויל ער געפינט, אז אויב אין די גלות־לענדער וואלט מען געקענט גרינדען אזעלכע שוהלען, ווי זשאבאטינסקי וויל, וואלט איבעריג געווען ארץ־ישראל. איבערהויפט קאן אין גלות די העברעאישע שפראך נישט זיין די שפראך פון דער אלגעמיינער ערציהונג.

ד״ר ברוצקוס רעדט אויך געגען זשאבאטינסקי׳ן. אזא מין שוהלע, ווי ער וויל, וועט נור מעגליך זיין פאר גבירים, אבער נישט פאר׳ן המון. דאס העברעאיש פון די חדרים מתוקנים ווערט גלייך ביי די קינדער פערגעסען. אין צוקונפט וועט דער

זשאַרגאָן אָבשטאַרבען און זײַן אָרט װעט פֿערנעהמען העברעאיש, אָבער לעת־עתה איז די פֿאָלקס־שפּראַך יודיש. אויב מען װעט אָננעהמען זשאַבאָטינסקי׳ס גזרה, אַז נור העברעאיסטען קאָנען זײַן אין פּרעזידיום פֿון ציוניסטישע אסיפֿות, װעט מען זיך מוזען אָבזאָגען פֿון אַזעלכע מענשען, װי נאָרדוי, און פֿון הערצל׳ען, װען ער װאָלט געלעבט.

עס רעדען נאָך פֿיעל אַנדערע און די אַלע דעבאַטען האָבען אָבגעשװאַכט דעם רושם פֿון זשאַבאָטינסקי׳ס רעדע. מען האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע און דעם 8־טען סעפּטעמבער זענען מיט אַ קלײנע מעהרהײט אָנגענומען געװאָרען זשאַבאָטינסקי׳ס טעזיסען װעגען העברעאיש אין די שוהלען מיט דער בעמערקונג, דאָס אויב מען װעט מוזען װעהלען צװישען יודיש און אַ פֿרעמדע שפּראַך, מוז מען געבען יודיש דעם פֿאָרצוג.

---

די לעצטע זיצונגען פֿאַר׳ן קאָנגרעס פֿון די רוסישע ציוניסטען זענען געװען זעהר שטורמיש. מען האָט בעטראַכט די פֿראַגע װעגען באַנק און נאַציאָנאַלפֿאָנד. פֿיעל דעלעגאַטען טרעטען אַרויס געגען דעם, אַז די לײטונג זאָל האָבען אַ דעה אויף די באַנק. נאָך לאַנגע און שטורמישע דעבאַטען איז אָנגענומען געװאָרען אַ בעשלוס, אַז מען דאַרף פֿערגרעסערן די צאָהל מיטגליעדער פֿון באַנק־דירעקטאָריום, כדי די אַרבײט זאָל זײַן פּראָדוקטיװער.

אַ גװאַלדיגע אויפֿרעגונג האָט אַרויסגערופֿען די ערקלערונג פֿון ה׳ ראָזאָװ, אַז נור־װאָס איז פֿאָרגעקומען אַ זיצונג פֿון צענטראַל־קאָמיטעט, אויף װעלכער עס איז בעשלאָסען געװאָרען אַרויסצושטעלען די קאַנדידאַטור פֿון ד״ר טשלענאָװ אַלס פֿאָר־זיצענדען פֿון קאָנגרעס. קײן פּרטים פֿון דער זיצונג װיל ער ניט דערצעהלען, אָבער ער בעט די דעלעגאַטען צוליעב שלום צו שטימען פֿאַר טשלענאָװ׳ן.

ה׳ זשאַבאָטינסקי ערקלערט, אַז מען מוז אויסקלײַבען ד״ר טשלענאָװ אַלס פֿאָרזיצענדען, װײַל װאָלפֿסאָהן האָט ערקלערט אַ מלחמה דער יעצטיגער לײטונג. מיר האָבען אַלע געװאָלט אויסקלײַבען װאָלפֿסאָהנען, אָבער יעצט איז דאָס אונמעגליך.

ד"ר ברוצקוס זאָגט, אַז וואָלפּסאָהן קאָן נישט זיין פּאָרזי־צענדער, דען דאָס וועט זיין אַ בעליידיגונג פאַר דער ליטונג, געגען וועלכער וואָלפסאָהן טרעט אַרויס.

אינזשענער סירקין ערקלערט זיך פאַר וואָלפּסאָהנען. מען האָט מורא פאַר וואָלפּסאָהנען, ווייל ער איז אָנפיהרער פון דער אָפּאָזיציע, אָבער וואָלפסאָהן איז אַ מענש מיט אַ גענינגענ־דען פּאָליטישען טאַקט, אום ער זאָל פערשטעהן וואו איז די גרעניץ צווישען פריוואַטע מיינונגען און דעם אַלגעמיינעם נוצען.

צום סוף קומט אוסישקינ'ס ערקלערונג: איך בין פאַר וואָלפּ־סאָהנען. מע וועט פילייכט מיינען, אַז איך טהו דאָס לא מאהבת מרדכי, נאָר משנאת המן (דער עולם שרייט: ניין, מיר מיינען דאָס ניט!), אָבער מיינע קאָלעגען פון אָדעס קאָנען עדות זאָגען, אַז נאָך מיט 2 חדשים צוריק האָב איך זיך אַרויסגעזאָגט פאַר וואָלפּסאָהנען. איהר וועט אייך וואונדערן, ווי קומט דאָס? ס'טייטש, איך בין דאָך געוועזען איינער פון די הויפּט־געגנער פון וואָלפסאָהנען, איינער פון די, וועלכע האָבען איהם בע־קעמפּפט. יאָ, גאַנץ ריכטיג, אָבער דאַן האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ פּראָגראַם, און איצט האַנדעלט זיך וועגען אַ מענשען. איך בין פאַר וואָלפּסאָהנען, דען ער איז אין דער מינדערהייט. מיר טאָרען נישט פיהרען קיין בולגאַרישע פּאָליטיק. ווען נאָרדוי האָט מיך אויפ'ן פּאָריגען קאָנגרעס געפרעגט, צי זאָל ער אָננעהמען דעם שטוהל פונ'ם פּאָרזיצענדען, האָב איך געענט־פערט: יאָ, נעהמט אָן, דען איהר זייט אין דער מינדערהייט. אונזער פּראָגראַם האָט יעצט געזיעגט, און מיר האָבען נישט וואָס מורא צו האָבען. אַלזאָ צוטרוי אונזער ליטונג, עהרע אונ־זערע געגנער!

אוסישקינ'ס רעדע מאַכט אַ שטאַרקען רושם, ווייל ער איז געווען כמעט דער איינציגער, וואָס האָט פערשטאַנען די אמת'ע לאַגע. נאָך זיין רעדע ערקלערען זיך אויך די מיטגליעדער פון קליינעם אַקציאָנס־קאָמיטעט ד"ר שמריהו לעווין און ד"ר יעקובסאָן פאַר טשלענאָוו'ן. צו לעצט רעדט ד"ר טשלענאָוו אַליין מיט זעהר אַנ'אויפגערעגטער שטימע. ער דערמאָנט, אַז קיינמאָל האָט ער זיך נישט געיאָגט נאָכ'ן כבוד, און ער ענדיגט מיט די ווערטער: „מען האָט בעשלאָסען מיך אויסצוקלייבען אַלס פאָרזיצענדען

געעהרטע פערזאַמלונג! טהוט וואָס איהר ווילט, איך גיב איבער מײַן גורל אין אײַערע הענד״.

די דאָזיגע רעדע האָט ווידער צוהיצט דעם עולם. אינ־זשענער סירקין רעדט ווײַטער. ענדליך ווערט די פראַגע גע־שטעלט צו אָבשטימונג. 49 זענען פאַר טשלענאָוו׳ן, 58 פאַר וואָלפּסאָהנען. דעמזעלבען רעזולטאַט גיט אויך די צווייטע אָבשטימונג דורך אַרויפגעהן אויף דער ביהנע רעכטס און לינקס. דער רעזולטאַט ווערט אָנגענומען מיט אַ שטילע, אינערליכע פרייד. וואָלפּסאָהן האָט געזיעגט, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז טשלענאָוו, וועלכער איז בײַ אַלעמען זעהר שטאַרק בעליעבט און געעהרט, איז דורכגעפאַלען. דאָס האָט מען געקאָנט מער־קען פון דער אַלגעמײַנער שטימונג, וואָס האָט געהערשט אויף דער פערזאַמלונג. ווען דער פאָרזיצענדער האָט פאָרגעשלאָגען, זעהר איינזייטיג און נישט קאָרעקט, אַז מען זאָל שטימען לויט אַזאַ נוסח: „ווער איז געגען טשלענאָוו׳ן?״, האָט דער גאַנצער זאַל ווי איין מענש זעהר ענערגיש פראָטעסטירט דאַגעגען.

## III.

# די אַנדערע קאָנפערענצען.

אין דערזעלבער צייט, וואָס איז פאָרגעקומען די פּאָר־קאָנפערענץ פון די רוסישע ציוניסטען, זענען אויך פאָרגעקומען אנדערע קאָנפערענצען ווי, למשל, פון די „צעירי־ציון", פון די יודישע סטודענטישע אָרגאַניזאַציע „החבר", פון דער „מזרחי" און די בעראַטונג פון די פּוילישע ציוניסטישע דעלעגאַטען.

מאָנטאָג דעם 1 סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען די ערשטע בעראַטונג פון די פּוילישע ציוניסטישע דעלעגאַטען. מען האָט דורכגעלייענט אַ בעריכט וועגען דער ציוניסטישער טעטיגקייט אין פּוילען. די צאָהל ציוניסטען האָט זיך אין פּוילען פאַר די לעצטע צוויי יאָהר זעהר פערשטאַרקט און זיי האָבען געשיקט 34 פאָרשטעהער צום קאָנגרעס. מען האָט אויך זעהר פיעל ערד געקויפט אין ארץ־ישראל און זיך פערנומען מיט קולטורעלער אַרבייט. ה' נחום סאָקאָלאָוו גיט־איבער די פערזאַמעלטע דעם טייל פון זיין קאָנגרעס־רעדע, אין וועלכער ער בעריהרט דעם באָיקאָט אין פּוילען. נאָכהער ווערט אָנגענומען פאָלגענדע רעזאָלוציע געגען באָיקאָט אין פּוילען...................... [1])

זעהר אינטערעסאַנט איז אויך היי־יאָהר געווען די „מזרחי"־קאָנפערענץ, וועלכע האָט געקאָנט דיענען אַלס בעווייז, אַז דער ציוניזם ווערט וואָס אַ מאָל אַלס מעהר און מעהר פּאָפּולערער אין אונזערע אָרטאָדאָקסישע קרייזען. עס זענען געקומען איבער הונדערט דעלעגאַטען, צווישען זיי אַ סך רבנים: ר' יצחק יעקב ריינעס פון לידא, דער גרינדער פון „מזרחי", הרב ר' יעקב שיפּמאַן פון ארץ־ישראל, הר' למדן פון פּאָפּעליאַן און אַנדערע. עס זענען אויך געקומען אַלס דעלעגאַטען נישט־ווייניג אינטע־ליגענטען, דאָקטוירים און אַדוואָקאַטען. אַלס פאָרזיצענדער איז

1) מיר זענען געווען געצוואונגען, צוליעב געוויסע סבות, די רעזאָלוציע ביים דרוקען פון בוך אַרויסוואַרפען.

אויסגעוועהלט געוואָרען דער גרויסער יודישער קינסטלער הערמאַן שטרוק.

אַדוואָקאַט מעלער פון דייטשלאַנד בעגריסט די קאָנפערענץ אָנשטאָט ד"ר פראַנק, וועלכער האָט צוליעב זיין שוואַכען געזונד-צושטאַנד ניט געקאָנט קומען. ער שטעלט-פאָר דעם עולם די געקומענע געסט צו דער קאָנפערענץ: דעם סאַלאָניקער חכם-באַשי ר' יעקב-מאיר, דעם דיכטער ח. נ. ביאַליק און דעם פראָ-פעסאָר שעכטער פון אַמעריקאַ. אַלע, איבערהויפט ביאַליק, ווערען דורך די פערזאַמעלטע אויפגענומען דורך דויערנדע אַפּלאָדיסמענטען.

ר' יעקב מאיר האַלט אַ שענע רעדע, אין וועלכער ער זאָגט, אַז ער איינענטליך איז דער אמת'ער מזרחי, ווייל ער קומט פון מזרח. ער מאַכט-איבער די בעוואוסטע ווערטער פון ר' יהודה הלוי „אני במזרח ולבי במערב"—האָטש ער איז אין מזרח, איז דאָך זיין האַרץ אין מערב מיט אַלע איבריגע יודען-ברידער. ער ווייזט אָן, אַז אויב מיר ווילען, אַז די ציוניסטען זאָלען זיך מעהרען, דאַרף מען זעהן מעהר פערשפּרייטען בילדונג צווישען פאָלק.

פראָפעסאָר שעכטער פון אַמעריקאַ בעגריסט די פערזאַ-מעלטע אין נאָמען פון די אַמעריקאַנער יודען. אַ שענע בעגרי-סונגס-רעדע האַלט אויך דער מיטגליעד פון דעם קליינעם אַק-ציאָנס-קאָמיטעט ה' שמריהו לעווין. ער זאָגט, אַז דער עיקר פון דער אַרבייט פון די „מזרחים" בעשטעהט איצט אין צוויי זאַכען— קויפען ערד אין ארץ-ישראל און זיך דאָרט פערנעהמען מיט קולטור-אַרבייט.

נאָך די פערשיעדענע רעדען האָט מען אָבגעגעבען אַ דין וחשבון פון דער אַרבייט פון די מזרחים, מען האָט אויך בעהאַנדעלט פערשיעדענע וויכטיגע פראַגען און ס'זענען אָנגענומען געוואָרען פערשיעדענע רעזאָלוציעס, פון וועלכע דער וויכטיג-סטער פאָרשלאַג איז געוועזען, וואָס ס'האָט געמאַכט דער ירושלים'ער רב ר' יעקב שיפּמאַן. ער האָט פאָרגעלעגט צו גרינדען אַן אַקציען-געזעלשאַפט מיט אַ קאַפּיטאַל פון אַ האַלבען מיליאָן פראַנק, צו 500 פראַנק אַן אַקציע, אויף צו קויפען ערד אין ארץ-ישראל.

## IV.

# דער עלפטער ציוניסטען־קאנגרעס.

זעהר אַ שען און פראַכטפולעס בילד האָט פאָרגעשטעלט דער פלאַץ פון דער וויענער פאָרשטאָדט, וואו עס געפינט זיך די גרויסע און וואונדערבארע קאַטהאַרינאַ־האַלע, אין וועלכער דיענסטאָג דעם 2־טען סעפטעמבער איז פאָרגעקומען די ערעפנונג פון קאָנגרעס. עס איז געוועזן 7 אַ זייגער אין אָוועגד בשעת דער גאַנצער געוואַלדיגער שטח אַרום דער קאַטהאַרינאַ־האַלע איז געוועזן פערפלייצט מיט מענשען, אויטאָמאָבילען און דראָזשקעס. דער אַריינגאַנג איז געוועזן בעלויכטען מיט אַ ים פון עלעקטרישע לאָמפען, וואָס האָבען אויסגעגאָסען אַ חוואַליע פון זילבערנע שטראַהלען אויף די צוויי גרויסע ציוניסטישע פאָהנען, וואָס האָבען געפלאַטערט אין דער לופט איבער דעם טויער, אויף וועלכען ס'האָבען געבלישצעט די גאָלדענע אותיות פון דער אויפשריפט:

## „הקונגרס הציוני האחד־עשר בווינא".

בשעת מען איז אַריין אין זאַל, איז מען ערשטוינט געוואָרען צו זעהן דעם ים מיט קעפּ. דער זאַל איז געוועזן וואונדער־שען דעקאָרירט מיט ציוניסטישע פאָהנען און מיט די הערבען פון די פערשיעדענע יודישע סטודענטישע אָרגאַניזאַציעס. אַנ'עולם פון 550 דעלעגאַטען און איבער 5000 געסט איז געזעסען, אַלע יום־טוב'דיג געקליידעט, אַלע מיט אַ בעזונדערען פייערליכען אויסדריק אויף די פנים'ער, אַלע אונגעדולדיג ערוואַרטען די גרויסע שעה, בשעת דער קאָנגרעס וועט זיך עפענען.

ענדליך פונקט 9 אַ זייגער בעוויזט זיך אויף דער טריבונע, אויף וועלכער ס'זענען געזעסען אַלע מיטגליעדער פון אַקציאָנס־קאָמיטעט און פערטרעטער פון פערשיעדענע לאַנדסמאַנשאַפטען, פּראָפעסאָר וואַרבורג און זיינע חברים: **נחום סאָקאָלאָוו, ד"ר־**

האַנטקע, ד"ר שמריהו לעווין און ד"ר וויקטאָר יעקאָבסאָן. דער גאַנצער עולם הויבט זיך אויף פון די ערטער און בעגריסט יי מיט דונערנדע „הידד"־געשרייען און רוישענדע אַפּלאָדיסמענ־טען. ביי פיעל פון די אָנוועזענדע מערקט מען טרעהרען אין די אויגען פון אויפרעגונג און שמחה. פּראָפּעסאָר וואַרבורג הויבט אָן מיט אַ זאַנפטער שטימע זיין רעדע און ווען ער דער־מאָהנט הערצל'ס נאָמען — שטעהען אַלע אינסטינקטיוו אויף פון זייערע ערטער און אַ פּאָר מינוט ווערט אין זאַל שטיל, זעהר שטיל און אַלע אויגען ווענדען זיך צום גרויסען הערצל־בילד, וואָס שטעהט אויף דער ביהנע, בעפּוצט מיט קוויטען און בלומען. דער גאַנצער עולם שטעהט אויף פון די ערטער בשעת וואַרבורג דערמאָהנט דעם נאָמען פון פרץ סמאָלענסקין. אין מיטען קומט אַריין דוד וואָלפסאָהן און אַ דונער פון רוישענדע אַפּלאָדיסמענטען האַקט־איבער וואַרבורג'ס רעדע און דער גאַנ־צער עולם בעגריסט זעהר וואַרם דעם געוועזענעם פּרעזידענט, וועלכער איז אויסגעוואַקסען אין דער בעוועגונג און הערט אַפילו אויף אַ רגע נישט אויף צו אַרבייטען פאַר דעם ציוניזם.

„איין געדאַנק און איין געפיהל — הויבט אָן וואַרבורג זיין רעדע — דער געפיהל פון יראת־הכבוד דריגנט־דורך אונזערע נשמות, בשעת מיר דערמאָנען זיך, וואו דער קאָנגרעס ווערט איצט אָבגעהאַלטען. קיינער פון אונז קאָן נישט דערמאָנען די שענע און בכבוד'יגע שטאָדט, ניט אַ טראַכט געבענדיג גלייך וועגען דער פּערזאָן, וואָס האָט געגעבען דעם אויסדרוק פון די יודישע אייביגע האָפנונגען און האָט צום ערשטען מאָל צונויפ־געקליבען אַלע יודען פון אַלע גלות־לענדער: ט ע אָ ד א ָ ר ה ע ר צ ל! 17 יאָהר זענען פערגאַנגען פון יענער צייט! 17 יאָהר זענען אינ'ם לעבען פון אַ פאָלק אַ רגע — און דאָך איז זעהר פיעל אויפגעטהון געוואָרען אין דער צייט! ווען די נשמה פון גרויסען ה ע ר צ ל האָט איהם פערלאָזט, האָבען מיר זיין גוף צום קבר געפיהרט דאָ אין וויען, אָבער זיין נשמה לעבט, זיין גייסט — דער ציוניזם—שוועבט צווישען אונז, איבער אונז"!

פּראָפּעסאָר וואַרבורג דערמאָנט וויי‍טער דעם ערשטען יודישען נאַציאָנאַלען סטודענטישען פעראיין „קדימה" און פ ר ץ ס מ אָ ל ע נ ס ק י ן, וואָס האָט אין וויען געטרוימט פון אונזער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און פון דער אויפליבונג פון דער

העברעאישער שפראך. לאמיר אבגעבען כבוד דעם פארקעמפפער פון דער אידעע! (אלע שטעהען אויף). ווייטער וויזט־אויף דער רעדנער, אז דער קאנגרעס געפינט זיך דאסמאל אין אנ׳ארט, וואס איז נאהענט צום מזרח, וואו עס לעבען מיליאנען פון אונזערע ברידער. דאס איז וויכטיג פאר׳ן קאנגרעס. רעדענדיג וועגען די לעצטע געשעהעניש׳ען אויפ׳ן נאהענטען מזרח, בשעת טערקיי האט כמעט פערלארען איהרע אלע אייראפעאישע פראווינצען, זאגט דער רעדנער, אז מיר ווילען האפען, דאס עס וועט ניט האבען קיין שום ווירקונג אויף די אזיאטישע טערקיי, און דאס יודישע פאלק, וואס שטעהט תמיד אויף דער זייט פון רעכט און מאראל אפילו אין פאליטיק, דריקט־אויס דער טערקיי אלע זיינע סימפאטיען און ווינשט, אז זי זאל ווייטער עקזיסטירען אין איהר גאנצע שטארקייט. (שטורמישע אפלאדיסמענטען). אבער קיינער קאן ניט וויסען, וואס די צוקונפט קאן אונז ברענגען; מיר מוזען שטעהען על המשמר. די לעצטע מלחמות אויף די באלקאנען האבען ניט א דירעקטע ווירקונג פאר׳ן ציוניזם. פיעל יודישע קרבנות זענען אויפ׳ן מלחמה־פלאץ געפאלען, זיי ברענגען אבער די שווערסטע קרבנות ניט פאר זיך, נאר פאר אנדערע, פאר פרעמדע. און אונזערע נאציאנאלע אידעען ווילען מיר ניט דורך דעם קריגערישען וועג לעזען, נאר בדרך השלום. ווייטער מאלט דער רעדנער דאס בילד ווי אזוי לאנגזאם, שריט־ביי־שריט, ווערט געבויט אין ארץ־ישראל א יודיש לעבען. דערוויייל איז נור דער אנהויב, די ערשטע סטאנציע, און פיעל גלויבען ניט אין א ווייטערע ענטוויקלונג. ס׳איז אבער קיין איין זאך ניטא, וואס ד״ר אנהויב איהרער זעהט ניט אויס ווי א חלום. רעדענדיג וועגען די בעדינגונגען, דורך וועלכע מען וועט דערגרייכען צום ציעל, זאגט פראפ. ווארבורג, אז אין א פאליטישער טעטיגקייט געפינען זיך פיעל געזונדטע קערנדלעך, נויטיגע הילפסמאמענטען און וויכטיגע מאמענטען, אבער ווען מען מאלט דאס פאר א גרונד־אידעע, איז עס א פאנטאם. אונזער ציעל איז — דאס באזעלער פראגראם! דער וועג צו איהר פערווירקליכונג — פאלעסטינא־ארבייט. אבשטעלענדיג זיך אויף דריי פערשיעדענע פעריאדען פון דער פאלעסטינא־ארבייט, זאגט פראפ. ווארבורג: אונזער קאנגרעס קומט פאר אפען, פאר דער גאנצער וועלט, מיר

האָבען ניט וואָס צו בעהאַלטען און וואָס צו פערשוויַיגען. אונזער פּאָליטיק ליעגט ווי אַן אָפּען בוך. מיר בעשרענקען זיך נישט אויף צופּעליגע פערזוכען ביַי דער טערקישער רעגירונג; מיר בעטייליגען זיך נישט אין דער קאָנקורענץ פון די אָטאָמאַנישע פּאַרטייען, מיר פעראייניגען זיך ניט מיט דער אָדער יענער גרופּע, — מיר פערטרעטען קלאָר אונזערע אַרבייט און קולטור-אינטערעסען, די אינטערעסען פון אונזער פאָלק, וואָס אַרבייט אין ארץ-ישראל. (אַפּלאָדיסמענטען). צוליעב דיזע אינטערעסען שטעהען מיר אין שטענדיגע בעציהונגען צו דער טערקישער רעגירונג. קיינמאָל זענען ניט געווען אַזוי גרויס די סימפּאַטיען פון דער אָטאָמאַנישער רעגירונג צו די ציוניסטישע קאָלאָניזאַציאָנס-פּראָיעקטען, ווי אין דער לעצטער ציַיט. נאָכהער רעדט פּראָפ. וואַרבורג וועגען דער ענטוויקלונג פונ'ם ציוניזם, רעכענט אויס די פערשיעדענע קולטורעלע און פינאַנץ-אינסטיטוציעס, וואָס דער ציוניזם האָט געשאַפען אין ארץ-ישראל, כדי צו-פערשטאַרקען די יודישע פּאָזיציעס. מיר האָבען נאָך גרויסע קולטורעלע אויפגאַבען, וואָס ליעגען פאַר אונז אין פּאַלעסטינאַ. איינע פון די דאָזיגע פראַגען איז דער פּראָיעקט פון אַן'אוני-ווערזיטעט אין ירושלים. דורך דער פערווירקליכונג פון דעם דאָזיגען גוואַלדיגען געדאַנק, וועט געשאַפען ווערען אַ נייַע עפּאָכע אין דעם קריטישען מצב פון דער בילדונג פון אונזער יוגענד. דער רעדנער האָפט, אַז דער קאָנגרעס וועט טהון די ערשטע שריט אין דער ריכטונג. קומענדיג צום סוף פון זיַין רעדע, ווייַזט-אויף וואַרבורג אויפ'ן ערפאָלג פון ציוניזם אין מערב-אייראָפּא, וואו אונזערע געגנער האָבען ענדליך קאַפּיטולירט. נאָכהער בעגריסט ער בעזונדער די דעלעגאַטען פון ארץ-ישראל און ענדיגט: הלואי זאָלען אונזערע בעמיהונגען בעקרוינט ווע-רען מיט אַנ'ערפאָלג לטובת אונזער פאָלק, צום פּראָגרעס און געדייַהען פון אונזער אַרבייט! (שטורמישע, לאַנגדויערנדע אַפּלאָ-דיסמענטען).

די טריבונע פערנעהמט נחום סאָקאָלאָוו, וועלכער ווערט בעגעגענט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען.

אין שאַרפע ווערטער שילדערט ער דעם גלות-לעבען, וואָס איז שווער צו ברענגען אין אַ מין סיסטעם, וויַיל עס איז אַ חאָאָס, וויַיל עס איז אַ שרעקליכעס בילד פון נויט, רדיפות,

וואַנדערונגען, אָרעמקייט אא״וו. דאָס יודישע לעבען איז אַ דראַמע, וואָס ווערט געשפּיעלט אויף דער גרויסער בּיהנע פון׳ם ווייטען וועלט-קוגעל. און עס איז דאָך אונזער חוב צו שילדערן דעם ביטערען מצב. וואו זאָל דען דער מצב פון יודישען פאָלק געשילדערט ווערען? וואו איז דען פאַרהאַן אַן׳אַנדערע טריבּונע, פון וועלכער דאָס יודישע פאָלק קאָן רעדען איבּער זיינע ענינים?

סאָקאָלאָוו ענטפערט אויף די פראַגע, אויפווייזענדיג, אַז פון קדמונים איז עס דער ציוניסטישער ווילען געוועזען צו היילען די פאָלקס-וואונדען, צו געפינען אַן׳אויסוועג, בּרענגען אונזער פאָלק אויף אַ בּעסערע מדרגה.

דאָס טהוען מיר פאַר זיך און ניט פאַר די אויסערליכע וועלט. וויל מען זיך צוהערען — זאָל מען קומען און הערען. אָבּער דערהויפּט איז דער דין וחשבון פאַר אונז גופא וויכטיג, כּדי אונזער געוויסען זאָל נאָכדענקען.

דאָס יודישע לעבען זעהט אויס איצט, ווי אַ תּוהו ובוהו, אָהן אַ ציעל, צעריסען און צערשפּליטערט, איינגאַנצען אין דער מאַכט פון אַ צופאַל, ווי אַ בּלאַט, מיט וועלכען עס שפּיעלט דער ווינד. אַ פאָלק, וואָס בּעגרייפט גאָרניט, וואָס עס קומט איין איהם פאָר.

קיינמאָל האָט די מערהייט פון אונזער פאָלק אַזוי ניט געליטען, ווי אַציינד.

דער רעדנער ווייזט אויף דער טראַגעדיע פון די בּאַלקאַן-יודען, וואָס זענען אַציינד רואינירט געוואָרען און בּלאָנדזשען אַרום עלענדע און פערשמאַכטעטע; דאָס זענען נייע געשטאַלטען, וואָס ציהען דורכ׳ן גלות, בּעגעגענען זייערע בּרידער און קענען זיך ניט צונויפרעדען. נאָר דער שרעקליכסטער קריעגס-מצב אויפ׳ן בּאַלקאַן איז ניט אַזוי טרייסטלאָז און מוראדיג, ווי דער שלום אינ׳ם תּחום-המושב אין מזרח-אייראָפּאַ. עס איז אַ מלחמה-מצב בּשעת שלום, אַ קאַמפּף, וועלכער ווערט געפיהרט מיט אַלע וואַפען פון האַס, שנאה און אַכזריות.

און דאָס איז דאָס טעגליכע בּרויט פונ׳ם מזרח-אייראָפּעאישען יודען.

מיט אַ געהויבּענע שטימע בּיי אַ בּעזונדערער שטימונג און שטילקייט אין זאַל רעדט סאָקאָלאָוו וועגען דעם נידריגען עלילת-דם-בּלבּול.

(1 . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ווייטער דערצעהלט ה׳ סאָקאָלאָוו פון זיינע איינדריקען אין אַמעריקאַ. ער איז זעהר צופריעדען מיט׳ן יודענטום אין אַמעריקאַ, אָבער ער גלויבט נישט, אַז דאָרט זאָל ווערען אַ היים פאַר׳ן יודישען פאָלק. דער רעדנער געהט אַריבער צו׳ם ציוניזם און צו דער ציוניסטישער לעזונג פון דער יודישער פראַגע, רעדט וועגען געגענוואַרטס־אַרבייט און וועגען יודישער סאָלידאַ־ריטעט. ער ענטוויקעלט אַ גאַנצע פראָגראַם פון אַ סיסטעמאַטי־שער קולטור־אַרבייט אין די גלות־לענדער, וואָס זאָל שאַפען אונז נייע כחות, אַ שטאָלצען נייעם דור. זיין רעדע ענדיגט דער רעדנער: הלואי זאָל אונזער פאָלק ערוואַכען פונ׳ם שווערען טרוים, אין וועלכען ער געפינט זיך — פון זיין אונטעטיגקייט; מיר האָפען סוף־כל־סוף דאָס צו דערגרייכען און וועלען ווייטער אונזער אַרבייט פיהרען. (רוישענדע אַפּלאָדיסמענטען).

ד״ר שמריהו לעווין מאַכט אין זיין רעדע אַ סך־הכל פון דער אַרבייט אין פאַלעסטינאַ אין די לעצטע דרייסיג יאָהר און בעשטעטיגט מיט פערגעניגען דעם פאַקט, אַז דער ישוב אין ארץ־ישראל האָט געזיעגט און אַלע זיינע געגנער מוזען זיך אַצינד איבערצייגען, אַז דאָס יודישע לאַנד האָט אויפגעבליהט. ווען ניט דער אַלטער ישוב, וואָלטען מיר מוזען אין ארץ־ישראל אַלץ אָנהויבען איבער־אַ־נייס, ווייל די אויפלעבונגס־אַרבייט ווערט ניט געמאַכט מיט אַ מאָל, נאָר לאַנגזאַם און ביסלעכווייז.

דער רעדנער דערמאָנט מיט דאַנקבאַרקייט די „ערשטע פאָליטישע ציוניסטען״ — די ביל״ו׳ער, און דריקט זיי אויס די סימפּאַטיע און דעם דאַנק, וואָס עס פיהלט צו זיי דאָס יודישע פאָלק.

און דאָ געפינט דער רעדנער פאַר נויטיג צו דערמאָנען דעם מענש, וועלכער האָט זעהר פיעל געאַרבייט און אויפגע־טהון פאַר׳ן ישוב אין ארץ־ישראל.

„אין דער צייט, ווען דער אַלטער ישוב האָט געהאַלטען זעהר שלעכט, איז ערשיענען דער גרויסער מענש, ווי אַ מלאך,

1) צוליעב אונאַבהענגיגע פון אונז סבות פעהלען דאָ די ווערטער פון ה׳ סאָקאָלאָוו וועגען עלילת־דם און דעם באָיקאָט אין פוילען.

און האָט דעם ישוב געךעטעט. און אויב מיר האָבען איצט ענט־ויקעלטע קאָלאָניען — דאַרפֿען מיר ניט זיין אונדאַנקבאַר און דערמאָנען דעם נדיב בּאַראָן עדמונד ראָטשילד. (שטורמישע אַפּ־לאָדיסמענטען). ניט ווי אַ פּשוט'ער נדבן איז ער געקומען, נאָר ווי אַ מאַן, וואָס די צוקונפֿט פֿון זיין פֿאָלק איז איהם טייער. ער האָט מיט אַ וואַרעמע געפֿיהל און מיט אַ אָפֿען האַרץ זיך בעטייליגט אין ישוב. אין דער צייט, ווען די גרויסע גבירים אונזערע זענען געשטאַנען פֿון וויטען און געלאַכט פֿון די בעלי־חלומות, האָט ער ניט געקוקט אויף די קאַלטע לאָגיקער און האָט ניט גענומען אין אַכט די געלעכטערס.

ער האָט פֿערשטאַנען, אַז מיט אַריטמעטיקאַ בּויט מען קיין פֿאָלק ניט אויף און מיט אַ קאַראַבעלניק־מאָס קאָן מען קיין אויפֿלעבונג ניט שאַפֿען. איצט איז געוואָרען דרייסיג יאָהר פֿון פּרוכטבאַרע אַרבּייט פֿון בּאַראָן אין ארץ־ישראל. דער מאַן איז אַ גרויסער ענו, מיט זיין גרויסע איבּערגעבענקייט צו זיין פֿאָלק האָט ער קיינמאָל נאָך כּבוד זיך ניט געיאָגט, און ניט כּדי צו שאַפֿען איהם פֿערגעניגען דערמאָנען מיר איהם אין דעם וויכטיגען מאָמענט. (אַפּלאָדיסמענטען).

ווי אַ טרייער זוהן צו זיין פֿאָלק און ווי אַ אמת'ער אַדעל־מאַן, האָט ער ערפֿילט זיין חוב אין לעבען ניט צוליעב אַ דאַנק צו בעקומען פֿון וועמען עס איז. און מיר זענען זיכער, אַז ער וועט ווייטער אויך ניט פֿערלאָזען דעם ישוב און אַז דאָס יודי־שע פֿאָלק וועט וויסען ווי צו שעצען דעם גרויסען מאַן און די זאַך, וואָס ער האָט געשאַפֿען". (אַפּלאָדיסמענטען).

ווייטער רעדט דער ד"ר לעווין וועגען דעם נייען מאָ־מענט אין יודישען ישוב, בשעת עס הערט אויף ניט נור די אַפּוטרופּסות פֿון די אַדמיניסטראַציעס אין לאַנד, נאָר אויך די אַפּוטרופּסות פֿון גלות אויפֿ'ן ישוב.

דער נייער ישוב פֿאָדערט, אַז עס זאָל ווערען אַ צענטר און אַז די גאַנצע אַרבּייט זאָל געטהון ווערען צוליעב איהם. ניט דער ישוב זאָל בעשאַפֿען ווערען צוליעב די אינסטיטוציעס, נאָר פֿערקעהרט, ווייל דער ישוב פֿיהלט זיך שוין פֿריי און אונאָבּהענגיג.

— דער נייער ישוב פֿאָדערט אויך — זאָגט דער רעדנער — אַז אַלע אינסטיטוציעס, סיי די עקאָנאָמישע, סיי די קולטורעלע,

זאָלען בעשאַפֿען ווערען דורך דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די קולטור־אַרבייט טאָרען מיר קיינעם ניט אָבגעבען, ווייל זיי, די אַנדערע, מאַכען פּשרות אויך אין דעם יודישען גייסט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז זעהר דאַנקבאַר די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס אויף דעם פעלד פון קולטור־אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ, אָבער מיר טאָרען זיך ניט פערלאָזען אויף זייער אַרבייט אַליין.

מיר דאַרפֿען זאָרגען, אַז דער נייער דור זאָל זיך ערציהען אין אויפלעבונגס־גייסט. פאַקטיש זענען די שוהלען, וועלכע זענען געשאַפֿען געוואָרען דורך די ציוניסטען, פיעל ענטוויקעלטער און פיעל בעסער, ווי די אַנדערע שוהלען אין פּאַלעסטינאַ.

דאָ דערמאָנט דער רעדנער די תּלמידים פון דער יודישער גימנאַזיע אין יפו, וואָס האָבען היי־יאָהר געענדיגט דעם 8־טען קלאַס און פערענדיגט זייער בילדונג אין העברעאישען. ער האָפט, אַז די יונגע לייט וועלען זיין אונזער צירונג און וועלען זיין געטריי דער יודישער פאָהן. (אַפּלאָדיסמענטען).

„אויף דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — זאָגט ווייטער ה' ד"ר שמריהו לעווין — ליעגט אויך דער חוב בעזונדער צו זאָרגען וועגען דעם יודישען אַרבייטער אין פּאַלעסטינאַ, כדי צו פערבעסערן זייער לאַגע. אמת, מיר טאָרען זיך ניט אַריינמישען אין דעם קאַמפּף צווישען די אַרבייטער און בעלי־הבתים, נאָר מיר מוזען אָננעהמען מיטלען, כדי צו מילדערן די האַרטע און שווערע בעדינגונגען, אין וועלכע זיי לעבען".

דער רעדנער וואַרפֿט־אויף אַ פּראָגראַם, וועלכע ענטהאַלט אין זיך נייע הייזער פאַר אַרבייטער, ביבליאָטעקען, לייה־קאַסען א. אז. וו.

„דאָס לעבען פון יודישע אַרבייטער געפינט זיך אָפט אין אַ סכּנה. דורך מאַנגעל אין היגיענישע וואוינונגען, אין געזונדען וואַסער ווערט געשאַפֿען אַ באָדען פאַר כּל־המיני קראַנקהייטען, וואָס זענען געפעהרליכער, ווי צווישען די יודישע פּיערים".

מיט אַ געהויבענער שטימונג דערמאָנט דער רעדנער די יודישע שומרים, וואָס בילדען אַ גאָר נייעם טיפּ יודען, וועלכע מען קאָן בשום אופן ניט טרעפֿען אין גלות.

„מיינע הערען! אָט אַלץ, וואָס מען דערצעהלט אייך וועגען די העלדישקייט פון די שומרים, איז ניט קיין לעגענ־

דעם און ניט קיין מעשיות — ס'זענען אמת'ען, פאַקטען, וואָס קומען פאָר טאָג־טעגליך". (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען).

דער רעדנער ענדיגט זיין רעדע מיט די ווערטער:

„געלד, ערד און מענשען זענען אונז נויטיג פאַר אונזער אַרבייט. און פאַר אונזער ציעל ברויכען מיר זיי אומגעקעהרט: מיר האָבען נויטיג קודם־כל מענשען, פאַר די מענשען דאַרפען מיר האָבען ערד און פאַר דער ערד — געלד! (אַפּלאָדיסמענטען).

דאָס זענען די גרונד־זיילען, אויף וועלכע עס קאָן אויפגעבויט ווערען דער יודישער ישוב.

און אַלס אַ קרוין אויף דעם אַלעמען זאָל אויפגעצט ווערען די יודישע קולטור — אַ לעבעדיגע, אַלזייטיגע און אינהאַלטסרייכע!

און ווען מיר בעטראַכטען אַלעס, וואָס מיר האָבען אויפגעטהון אינ'ם משך פון די 30 יאָהר אין לאַנד פון אונזער צוקונפט, פיהלען מיר די גרויסע צופריעדענהייט פון אַ אַרבייט, וואָס האַלט שוין אין מיטען!" (לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיסמענטען).





די פייערליכע ערעפנונג'ס־זיצונג פונ'ם עלפטען ציוניסטישען קאָנגרעס האָט זיך געשלאָסען. דער טויזענד־קעפיגער עולם שטעהט אויף פון די ערטער און אין זאַל קלינגען די טענער פון „התקוה". אַלע, יונג און אַלט, סטודענטען מיט נאַציאָנאַלע פאָהנען אין די הענד, יודישע אָפיצירען אין זייערע עסטרייכישע פאָרמען—אַלע בעגייסטערט שטעהען און זינגען מיט. אַפילו די, וואָס זענען געשטאַנען פון דערוויטענס פון אונזער בעוועגונג, האָבען זיך אויף יענעם אָווענד געפיהלט, אַז זיי הויבען אָן מיטצושווימען מיט'ן שטראָם און צו טראַכטען דעם גרויסען געדאַנק פון אונזער אויפלעבונג.

---

מיטוואָך אין דערפריה (דעם 3־טען סעפט.) עפענט זיך די צווייטע זיצונג פון קאָנגרעס דורך דעם פאָרזיצענדען פון אַקציאָנס־קאָמיטעט פראָפעסאָר וואַרבורג. דער פערמאַנענץ־אויסשוס

לעגט פאָר אויסצוּוועהלען פאַר אַ פּרעזידענט ד ו ד  ו ו אָ ל פ־
ס אָ ה ן (הֶפלאַדיסמענטען), אַלס וויצעפּרעזידענטען אַדאָלף
שטאַנד, אוּסישקין, ד"ר גאַסטער, יוּליוּס סימאָן, ד"ר באָדענ־
הײמער און ד"ר עהרליך פון וויען. אַלע ווערען געוועהלט.
דוד וואָלפסאָהן בעדאַנקט פאַר די וואַהל און זאָגט פריהער אין
העבּרעאיש און דערנאָך אין דײַטש: לעת־עתה, געעהרטער קאָנ־
גרעס, איז אונזער שפּראַך נאָך נישט העבּרעאיש און מיר זענען
געצוואונגען צו פערהאַנדלען אין אונזער טאָג־טעגליכער שפּראַך.
דער רעדנער האָפט, אַז דער קאָנגרעס וועט דורכגעהן ווירדיג
און רוהיג. שטעהענדיג הערט אויס דער קאָנגרעס די לאַנגע
רשימה פון די פערשטאָרבענע ציוניסטען און מען גיט אָב דעם
לעצטען כבוד יענע, וואָס האָבען געאַרבײַט פאַר׳ן כלל. אין
נאָמען פון „הסתדרות" בעגריסט ד ו ד  י ע ל י ן  דעם קאָנגרעס.
ער ווינשט, הלואי זאָל די שכינה רוהען אויפ׳ן קאָנגרעס, די
שכינה פונ׳ם נאַציאָנאַלען גײַסט, וועלכער קען אויפריכטען אונ־
זער פאָלק.

דאָס וואָרט בעקומט ד"ר האַנטקע, וועלכער לײענט דעם
בעריכט איבער די אַרבײַט פון אַקציאָנס־קאָמיטעט. „אונזער טע־
טיגקײַט — זאָגט ד"ר האַנטקע — צוטײלט זיך אויף צווײ גרויסע
אַרבײַטס־געביעטען: אײנע נעהמט אַרום די פּאָליטיק, די אַרבײַט
אין פּאַלעסטינאַ, די קולטורעלע אַרבײַט, די באַנק, נאַציאָנאַל־
פאָנד און אַנדערע אינסטיטוציעס. די אַנדערע האָט צו טהון מיט
אָרגאַניזאַציע, פּראָפּאַגאַנדאַ און פינאַנצען. די פּאָליטישע אַרבײַט
האָט געענדערט איהר כאַראַקטער צוליעב די געשעהענישען אויף
די באַלקאַנען און צוליעב די השפעה, וואָס די געשעהענישען
האָבען געהאַט אויף די טערקײַ. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט
געענדערט דעם ציוניסטישען שטאַנדפּונקט, אַז די ענטוויקלונג
פונ׳ם יודישען עלעמענט אין ארץ־ישראל איז פערקניפּט מיט׳ן
שיקזאַל פון דער אָטאָמאַנישער מלוכה, אַז די יודישע אַרבײַט
אין ארץ־ישראל האָט אַ גרויסען ווערט פאַר דער ווירטשאַפטלי־
כער און קולטורעלער ענטוויקלונג פון טערקײַ. און אין דער
ריכטונג האָט מען געאַרבײַט און נישט אָהן רעזולטאַטען. נישט
ווייניגער אַלס די אינטערעסען אין טערקײַ האָבען מיר אונזערע
אויפמערקזאַמקײַט געשענקט די פּאָליטישע פערבינדונגען מיט
אַנדערע מאַכט־פאַקטאָרען.

מיר האָבען פיעל געטהון פאַר דער פראָפּאַגאַנדאַ פון אונ־
זערע אידעען. א פונפצעהניעהריגער קאַמפּף האָט אונז בעוויזען,
אַז אונזער ציעל קאָנען מיר דערגרייכען נור דורך אַ כּסטעמאַ־
טישע ערציהונגס־אַרבייט אין אונזער פאָלק. מענשען — נישט
געלד — דאָס איז אונזער לאָזונג! די הנהגה קאָן מיט בעפרידיג־
קייט קאָנסטאַטירען איהרע ערפאָלגען, וועלכע קאָנען דורך פאַק־
טען אויפגעוויזען ווערען. . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

ד״ר האַנטקע שטעלט זיך אָב אויפ׳ן פערמעגען פון דער
אָרגאַניזאַציע, דערנאָך געהט ער אַריבער צום וויכטיגסטען פונקט
פון זיין רעדע: די פאָדערונג פון דער לייטונג.

— פאַר דער נייער קאָנגרעס־פעריאָדע — זאָגט ווייטער ד״ר
האַנטקע — מוז, לויט אונזער מיינונג, די אַרבייט געפיהרט ווערען
אויפ׳ן גרונד פון דעם סיסטעם אין טענדענץ, ווי זי איז ביז
אַהער געפיהרט געוואָרען. נאָר איין ענדערונג איז נויטווענדיג,
כּדי דער גרויסער אַקציאָנס־קאָמיטעט זאָל זיין ביכולת ביי וויכ־
טיגע געשעהענישען עפּעס גרויסעס אויפטהון אין נאָמען פון דער
אָרגאַניזאַציע — און אַזעלכע געשעהענישען וועלען אודאי נישט
פעהלען — מוזען די געלד־מיטלען פון אונזער אָרגאַניזאַציע זיך
געפינען אין זיינע הענד.

ווען איהר פאָדערט פון אונז אַ פעראַנטוואָרטליכקייט —
מוזט איהר אויך געבען די מעגליכקייט פריי צו אַרבייטען אין
פעראַנטוואָרטליכע מאָמענטען. אַצינד איז עס אונמעגליך בשעת
די באַנק, דער נאַציאָנאַלפאָנד, די אַנגלאָ־פאַלעסטינאַ־קאָמפּאַניע
געפינט זיך אין די הענד פון יענע, וועלכע זענען בעקאַנט אַלס
אָפענע געגנער פונ׳ם אַקציאָנס־קאָמיטעט. מען מוז דעריבער פאָ־
דערן, מען זאָל דער לייטונג איבערגעבען אויך די פינאַנץ־
אינסטיטוטען.

נאָך האַנטקע׳ס רעדע ערקלערט וואָלפסאָהן, אַז אוסישקין
איז היינט געוואָרען 50 יאָהר. דער גאַנצער קאָנגרעס הויבט
זיך אויף און בעגריסט דעם בעל היובל מיט שטורמישע אַפּלאָ־
דיסמענטען. מען דערלאַנגט אוסישקינ׳ען בלומען פון די ארץ־
ישראל׳דיגע ציוניסטען.

נאַכהער הויבען זיך אָן די גענעראַל־דעבאַטען מיט דער

רעדע פֿון יוליוס סימאָן. קודם־כּל ערקלערט ער אין נאָמען פֿון זיינע חברים, אַז זיי זענען מסכּים מיט אַלע פּונקטען פֿון זייער בעריכט און אויך מיט די פֿאָדערונגען, וואָס זיי שטעלען. ער געפֿינט, אַז די הנהגה האָט ערפֿילט אַלע האָפֿנונגען, וואָס מען האָט אויף איהר אַרויפֿגעלעגט, און האָט פֿערדינט דעם פֿולען פֿערטרויען און דאַנק פֿון דער אָרגאַניזאַציע. וואָס אָנבעלאַנגט דער פּאַלעסטינא־אַרבייט, דאַרף מען מעהר אויפֿמערקזאַמקייט ווידמען אַזאַ וויכטיגער אינסטיטוציע ווי די פּ. ל. ד. צ. (הכשרת הישוב). דער רעדנער ווענדעט זיך געגען די פּאָליטישע ציוניסטען, וואָס האָבען פֿאַר דער צייט גאָרנישט פֿערגעסען און גאָרנישט געלערנט. די איצטיגע הנהגה האָט דעם פּאָליטישען כאַראַקטער, נאָר זי פֿערשטעהט פּאָליטיק אַנדערש. אַריבערגעהענדיג צו דער באַנק־פֿראַגע, ערקלערט דער רעדנער, אַז ער און זיינע חברים פֿאָדערען, אַז דער אויפֿזיכטסראַט און דאָס דירעקטאָריום מוזען אַרבייטען אין דיזעלבע ריכטונגען, ווי די הנהגה.

פּרעזידענט וואָלפֿסאָהן ערקלערט באַלד נאָך סימאָנ'ס רעדע, אַז עס איז ערהאַלטען געוואָרען אַ בעגריסונגס־בריעף פֿון מאַקס נאָרדוי. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען). ער לייענט פֿאָר דעם בריעף:

„האָכגעעהרטער קאָנגרעס!

„צום ערשטען מאָל זינט דער ענטשטעהונג פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע בין איך געשטערט דורך שווערע אומשטענדען צו קומען אויפֿ'ן קאָנגרעס, און דעריבער בין איך געצוואונגען צו שיקען דעם קאָנגרעס פֿון ווייטען מיין גרוס צו זיין ערעפֿנונג. איך וועל פֿערפֿאָלגען מיט ליידענשאַפֿטליכען אַנטהייל די אונטערהאַנדלונגען אויפֿ'ן קאָנגרעס, און יעדעס וואָרט, וואָס עס וועט גערעדט ווערען אויף די קאָנגרעס־זיצונגען, וועט געפֿינען אַנ'אָבקלאַנג אין מיין האַרצען.

„איך ווינש פֿון גאַנצען האַרצען, אַז דער קאָנגרעס, וואָס איז געעפֿענט געוואָרען אין הערצל'ס שטאָדט, זאָל האָבען אין זינען הערצל'ס געדאַנקען און ער זאָל אַפֿילו אויף אַ רגע נישט פֿערגעסען, אַז אַנ'אַרבייט, וואָס שטרעבט פֿאָרצובערייטען פּאַלעסטינא, זי זאָל קאָנען אַריינגעהמען אַ גרויסע צאָהל אידישע איינוואוינער, וועט בלייבען אָהן נוצען פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק, ווען מען וועט נישט שטרעבען גלייכצייטיג צו ערציהען אַ סך

יודען, וואָס זאָלען וועלען געהן אין דער פאַר זיי פאָרבּערייטעטער פּאַלעסטינאַ.

„ווייטער זאָל דער קאָנגרעס געדענקען, אַז די מיט גרויסע און שווערע מיה און פלאָג געשאַפענע פינאַנציעלע אינסטיטוטען פון אונזער בעוועגונג זענען נישט גענוג שטאַרק, אַז זיי זאָלען קאָנען איבּערטראָגען די בּעהאַנדלונג און אָנפיהרונג פון אונזערע ריזיקאַלע פּאָליטישע, אָדער ריקזיכטלאָזע הענד, און דער דורכפאַל פון אונזערע פינאַנץ-אינסטיטוטען קאָן טויטליך פערוואונדען, ווען נישט דעם ציוניסטישען געדאַנק, אָבּער דאָך די איצטיגע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

„דער קאָנגרעס דאַרף נישט פערגעסען, אַז אַ גרויסע זאַך קאָן מען נישט בּרענגען קיין נוצען מיט טעאָרעטישע בּעשלוסען, ווען מען זעהט פאָראויס, אַז די פערווירקליכונג פון די דאָזיגע בּעשלוסען איז איצט אונמעגליך.

„איך ווינש פון טיעפען האַרצען, אַז דער עלפטער קאָנגרעס זאָל דעם ציוניזם נעהענטער בּרענגען אויף אַ שטיק וועג צו זיין היילען ציעל".

נאָרדוי'ס בּריעף איז פיעל מאָל איבּערגעריסען געוואָרען דורך שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען.

נאָך נאָרדוי'ס בּריעף לייענט וואָלפסאָהן די טעלעגראַמע פון נאַטאַן שטרויס פון אַמעריקאַ, וועלכער בּעדויערט דאָס, וואָס ער קאָן נישט קומען צום קאָנגרעס, און דריקט אויס זיין הייסע סימפּאַטיע דעם ציוניזם. דער ציוניזם — שרייבּט ער — איז דער קלאָרסטער אויסדרוק פונ'ם יודישען ווילען אין דער געגענוואַרט און אַ פּרוכטבּאַרסטע בּעגייסטערונג פאַר דער צוקונפט.

פישער שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל שיקען אַ דאַנק-טעלעגראַמע נאָרדוי'ן, — אונזער אַלטמייסטער, דעם בּעגרינדער פון דעם ציוניזם, — און אויסדריקען אין דער טעלעגראַמע די האָפנונג, אַז מען וועט איהם נאָך זעהן אַלס ציוניסטישען פיהרער בּיי אַ סך קאָנגרעסען.

ד"ר האַלפּערין פון האַמבּורג פערלאַנגט, אַז מען זאָל איבּערגעהן צו דער טאַגעס-אָרדנונג און נישט ענטפערן נאָרדוי'ן. (אין גאַנצען זאָל ווערט אַ געשריי: „פּפוי!", „אויפהערען").

וואָלפסאָהן בּערוהיגט דעם עולם. איהר וועט נאָך הערען, זאָגט וואָלפסאָהן, אַ סך זאַכען, וואָס אייך וועט נישט געפעלען.

עס איז תמיד אַזוי: וואָס דעם געגנער געפעלט, געפעלט אונז נישט. אָבער רעדען דאַרפען מיר נישט שטערען.

האַלפּערין רעדט ווייטער. ער וואָלט געווים מסכים געווען צו שיקען אַ בעגריסונגס־טעלעגראַמע צום נ. לטען פיהרער, אָבער נאָרדוי׳ס בריעף איז אַ שטעלונגס־נאַהמע דעם קאָנגרעס, און דער קאָנגרעס וועט זיך ערניעדריגען, ווען ער וועט נאָך דער־פאַר דאַנקען. (בראַוואָ־פּאַטשעריי מיט פּפוי־רופען). זיין אַזוי העסליך און אַזוי ענערגיש, ווי ער איז געווען, אין זיין פאַרי־זער רעדע, האָבען מיר פון נאָרדוי׳ן נישט ערוואַרט. די ענט־פער־טעלעגראַמע איז נישט בלויז אַ טאַקט־פראַגע. ער פּראָטע־סטירט דאַגעגען. (ווידער אַ גוואַלדיגער שטורם פון פּפוי־רופען).

ד״ר גאַסטער זאָגט, אַז העפליכקייט איז די פפליכט פון אַ דשזענטעלמאַן. נאָרדוי איז הערצל׳ס פריינד. (ביי די ווערטער ווערט אַ גוואַלדיגער שטורם פון אַפּלאָדיסמענטען). ער איז נישט איינשטימיג מיט נאָרדוי׳ן. אָבער ער איז דער ערשטער, וואָס איז מסכים צו שיקען די טעלעגראַמע און אויסדריקען נאָרדוי׳ן אונזער צער אויף דעם, וואָס ער איז איצט ביי אונז נישטאָ, און די האָפנונג אויף דער צוקונפט. (בראַוואָ).

אוסישקין (ווערט אויפגענומען מיט גרויסע אָוואַציעס) רעדט העברעאיש.

ער שלאָגט פאָר, אַז מען זאָל איבערגעבען די רעדאַקציע פונ׳ם קאָנגרעס־ענטפער צו נאָרדוי׳ן אין אַ בעזונדער קאָמיסיע, און דער ענטפער זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערען אין אַזאַ נוסח, אַז מיר דאַנקען איהם פאַר דער פערגאַנגענהייט און זענען נישט מסכים צו דער געגענוואַרט.

סירקין רעדט פאַר דער טעלעגראַמע. ד״ר ראָזענפעלד פון די פּועלי־ציון איז אויך פאַר דער טעלעגראַמע און איז געגען אוסישקינ׳ס פאָרשלאָג, ווייל אַ ספּעציעלע קאָמיסיע בע־דייט שוין אַ מיסטרויען פאַר נאָרדוי׳ן.

האַלפּערין פון האַמבורג (מען וויל איהם נישט לאָזען רעדען, אָבער ער רעדט דאָך): נאָכדעם — זאָגט ער — ווי אַ סך רעדנער האָבען אויסדריקליך געזאָגט, אַז די טעלעגראַמע איז נור אַ העפליכקייטס־אַקט, ציהט ער מיט אוסישקינ׳ען זיין פאָרשלאָג צוריק.

דעם פּרעזידיום ווערט איבּערגעגעבּען אָבּצושיקען די טעלעגראַמע, און די זיצונג ווערט געשלאָסען.

---

פֿיער נאָכמיטאָג עפֿענט וואָלפֿסאָהן די דריטע זיצונג.

דאָס וואָרט בּעקומט ד״ר קאַצענעלסאָן פֿון ליבּוי.

נאָכדעם ווי ער מאַכט איינינגע קאָמפּלימענטען דעם ד״ר האַנטקע, ערקלערט ד״ר קאַצענעלסאָן, אַז ער איז געגען דעם, דאָס מען זאָל איבּערגעבּען די קאָלאָניאַל־בּאַנק אין רשות פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט און צונעהמען זי פֿון אויפֿזיכטס־ראַט. מען זאָגט, אַז יערע מלוכה האָט די פֿולע דעה איבּער די פֿינאַנץ־אינסטיטוציעס; דאָס איז אָבּער נישט גאַנץ ריכטיג: די מלוכה־בּאַנק געפֿינט זיך נישט אין ערגיץ אין פֿולען רשות פֿון דער רעגירונג, און איינמאָל האָט מען אין פֿאָריגען יאָהרהונדערט אין פֿראַנקרייך געמאַכט אַזאַ פֿאַלשען שריט און איבּערגעגעבּען די מלוכה־בּאַנק דער רעגירונג: די בּאַנק האָט דעריבּער בּאַנקראָטירט.

פֿאַר'ן ציוניזם איז אָבּער בּעזונדערס שעדליך אַזאַ שריט, צוליעב פֿאָלגענדע טעמים: ערשטענס, אויב די בּאַנק וועט שטעהן און אונבּעגרענצטען רשות פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועט דערפֿון ליידען גאַנץ אָפֿט דער גוטער נאָמען פֿון דער ציוניסטישער הנהגה, ווייל ווען די בּאַנק ענטזאַגט עמיצען צו מאַכען אַ נייַ געשעפֿט, שאַדט עס נישט, אויב מען איז דערמיט אונצופֿריעדען אויך, ווייל די אויפֿזיכט פֿון דער בּאַנק איז דאָך קודם־כל אַנ'אַדמיניסטראַציע פֿון אַ געשעפֿט־הויז; אויב אָבּער דער אַקציאָנס־קאָמיטעט וועט עמיצען מוזען אָבּזאָגען, וועט דאָס הייסען, אַז די ציוניסטישע הנהגה וויל נישט שטיצען געוויסע אונטערנעהמונגען אין ארץ־ישראל. צווייטענס: אין דער פֿינאַנציעלער וועלט מוז מען וויסען, אַז די ציוניסטישע בּאַנק איז נישט מעהר ווי אַ פֿינאַנציעלע אינסטיטוציע אָהן קיין שום אַנדער ציעל; ווען אָבּער זי וועט זיך געפֿינען אין רשות פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועט מען זי בּעטראַכטען גאָר אַנדערש, דען שוין יעצט רעדט מען אין דער פֿינאַנציעלער וועלט, אַז אונזער בּאַנק איז נישט בּלויז אַ קאָמערציעלע אונטערנעהמונג און היינטער איהר רוקען שטעהט אַנ'אַנדערער. דעריבּער וויל מען טאַקי מיט דער בּאַנק קיין געשעפֿטען נישט מאַכען.

דער רעדנער פערזיכערט וויַטער, אַז דאָ האַנדעלט זיך ניט וועגען אַ פערזענליכע, נאָר וועגען אַ פּרינציפּיעלע פראַגע: ס׳איז פאַלש, אויב מען זאָגט, אַז דער אַקציאָנס-קאָמיטעט און דער אויפזיכטס-ראַט פון דער באַנק איז דיזועלביגע זאַך. (שטימען: פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געוועזן אין הערצל׳ס ציַיטען?). איך וועל אייַך באַלד דערויף ענטפערן — ערקלערט דערויף דער רעדנער — אין די לעצטע יאָהרען איז דאָס קיינמאָל ניט געוועזן אַזוי און קיין סכסוכים צווישען די הנהגה פון נאַציאָנאַל-פאָנד און פון דער באַנק איז קיינמאָל נישט פאָרגעקומען.

איך האָב בכלל נישט קיין פאַראיבעל אויף דער יעצטיגער ציוניסטישער לייטונג אויב זי ווענדעט זיך אין אַ שווערער לאַגע מיט אַ ביטע צו דער באַנק, עס מוז אָבער זיין אויך אַנ׳אַנדער מאַכט, וועלכע זאָל האָבען אין אַזאַ פאַל אַנ׳אַנדער מיינונג, ווי די הנהגה. יאָ, פאַר די צוועקען פון ציוניזם, פאַר וועלכע די באַנק איז געגרינדעט געוואָרען, שטעהט פריַי יעדער גראָשען פון דער באַנק, אָבער נישט פאַר דער בעוועגונג, וועלכע מוז זיין אַ לעבעדיג בעשעפעניש און טראָגען זיך אַליין.

דער פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער בעוועגונג איז אויך געהילפס-פּרעזידענט פון אויפזיכטס-ראַט פון דער באַנק. איין מיטגליעד פון ענגערען אַקציאָנס-קאָמיטעט איז אויך אַ מיטגליעד פון דירעקטאָריום פון דער באַנק, אַלזאָ שטעהען בײַדע אינסטיטוציעס אין ענגע בעציהונגען איינע צו די אַנדערע.

וואָס אָנבעלאַנגט ד״ר הערצל׳ס ציַיטען, האָט הערצעל אַליין ערקלערט אויפ׳ן 5-טען קאָנגרעס, אַז ס׳וואָלט געווען אַ שגעון, ווען מען וואָלט געמיינט, אַז די באַנק דאַרף שטעהן אונטער׳ן רשות פון אַקציאָנס-קאָמיטעט. דערמיט האָבען דעמאָלט איינגעשטימט אויך ד״ר יעקובסאָן און ד״ר וויַיצמאַן, און איהר זעהט אַלזאָ, אַז ס׳איז אַ גרויסער אונטערשיעד פון אַקציאָנס-קאָמיטעט ביז׳ן אויפזיכטס-ראַט פון דער באַנק. און איך בין זיכער, אַז דאָס, וואָס מען האָט ניט געוואָלט אָנטרויען דעם אַקציאָנס-קאָמיטעט אין ד״ר הערצל׳ס ציַיטען, וועט מען איהם יעצט אויך נישט אָנטרויען. איך בעט אַלזאָ דעם קאָנגרעס, נישט דורכצופיהרען אַ פאָרשלאָג, וועלכען מען האָט אויפ׳ן 5-טען קאָנגרעס אויך נישט געוואָלט דורכפיהרען.

דאָס וואָרט בעקומט ד״ר קאַפּאָטקין (סאַמאַרקאַנד). וועל-

כֿיֶר רעֶדט העֶבּרעֶאִיש און דעֶרצעֶהלט, אַז די בּוכֿאַרעֶר יודעֶן האָבּעֶן זיך שטעֶנדיג אינטעֶרעֶסירט מיט ארץ־ישׂראל, אָבּעֶר פֿון ציוניזם האָבּעֶן זיי נישט געֶוואוסט. עֶרשט דעֶר ביטעֶרעֶר גלות אין די לעֶצטעֶ צײַטעֶן האָט זיי דעֶרצו דעֶרוועֶקט און עֶר פֿעֶרזיכֿעֶרט דעֶריבּעֶר, אַז די בּוכֿאַרעֶר יודעֶן ווילעֶן אין דעֶר צוקונפֿט אויפֿטהון פֿאַר'ן ציוניזם. (שטורמישעֶ אַפּלאָדיסמעֶנטעֶן).

יעֶצט בּעֶקומט דאָס וואָרט אוסישקין.

עֶר עֶ־קלעֶרט בּאַלד אין אָנפֿאַנג פֿון זײַן רעֶדעֶ, אַז עֶר האַלט די גאַנצעֶ פֿראַגעֶ מכּח דעֶר בּאַנק גאָר נישט פֿאַר קיין ווילכֿטיגעֶ. עֶר רעֶדט איבּעֶרהויפּט נור וועֶגעֶן דעֶר ריכֿטונג פֿון דעֶר יעֶצטיגעֶר הנהגה: איך — עֶרקלעֶרט דעֶר רעֶדנעֶר — געֶהעֶר צו די יעֶניגעֶ, וועֶלכֿעֶ טראָגעֶן די גאַנצעֶ פֿעֶראַנטוואָרט־ליכֿקײַט פֿאַר דעֶר נײַעֶר ריכֿטונג. קריטיק איז אָבּעֶר געֶוויס נויטיג: מיר מוזעֶן זעֶהן, אויבּ די הנהגה האָט ריכֿטיג עֶרפֿילט די אויפֿגאַבּעֶ, וועֶלכֿעֶ זי האָט אויף זיך געֶנומעֶן. מיר מוזעֶן אָבּעֶר קודם־כּל וויסעֶן, אַז יעֶצט האָבּעֶן מיר גאָר אַ נײַעֶ עֶר־שײַנונג. פֿריהעֶר האָבּעֶן מיר געֶהאַט מנהיגים, אָבּעֶר נישט קיין הנהגה, יעֶצט שטעֶהט פֿאַר אונז צום עֶרשטעֶן מאָל אַ פֿעֶראַנט־וואָרטליכֿעֶר קאָמיטעֶט, וועֶלכֿעֶר מוז אונז אָבּגעֶבּעֶן רעֶכֿעֶנונג, און איך עֶ־קלעֶר דאָ עֶפֿעֶנטליך: מיר זעֶנעֶן מיט אונזעֶר הנהגה צופֿריעֶדעֶן. (שטורמישעֶ אַפּלאָדיסמעֶנטעֶן). פֿרײַנד פֿון עֶנגעֶרעֶן אַקציאָנס־קאָמיטעֶט, איך דריק אײַך די העֶנד און זאָג אײַך דעֶם בּעֶסטעֶן דאַנק.

איהר האָט אײַעֶר גאַנצעֶ קראַפֿט, צײַט און פֿעֶהיגקײַט אָבּגעֶגעֶבּעֶן אונזעֶר זאַך, און אויבּ איהר האָט נישט מעֶהר אויפֿ־געֶטהון, זעֶנעֶן מיר דעֶרין שולדיג, ווײַל מיר האָבּעֶן אײַך דעֶרצו די מיטעֶל נישט געֶגעֶבּעֶן.

אמת, ארץ־ישׂראל האָט איהר אונז נישט עֶרוואָרבּעֶן, אָבּעֶר איהר האָט אונז מיט אַ שריט נעֶהעֶנטעֶר געֶבּראַכֿט צו איהר. אויך דאַרין האָט איהר אַ גרויסעֶ פֿאָרשריט געֶהאַט: איהר, פּראָפֿעֶסאָרעֶן און דאָקטאָרעֶן, האָט בּעֶוויזעֶן דאָס, וואָס די סוחרים האָבּעֶן נישט געֶקאָנט בּעֶווײַזעֶן — צו עֶנדיגעֶן אײַ־עֶרעֶ געֶשעֶפֿטעֶן אָהן אַ דעֶפֿיציט.

און ווידעֶר: איהר זעֶנט געֶקומעֶן אַלס פֿרעֶמדעֶ אין אַ שטאָדט, וואו מעֶן האָט אויף אײַך געֶקוקט אָהן צוטרויעֶן,

אין אָט האָט איהר איינגעזאַמעלט פּיעל נייַע יונגע קרעפּטען פאַר'ן ציוניזם.

איך וויל אָבער אויך רעדען עטוואָס וועגען דער באַנק־פראַגע, חאָטש זי איז פאַר מיר גאָר נישט וויכטיג.

און דאָ דערמאָנט אוסישקין דעם ד"ר קאַצענעלסאָן, אַז אויפ'ן 5־טען קאָנגרעס זענען אַלע געווען געגען דעם, אַז מען זאָל די באַנק איבערגעבען דעם ענגערען אַקציאָנס־קאָמיטעט, ווייל דעמאָלט האָט זיך געהאַנדעלט וועגען דער עקספּעדיציע קיין על־אריש און נישט וועגען ארץ־ישראל, די מייסטען ציוניסטען אָבער האַלטען זיך פעסט ביים געדאַנק, אַז נור פאַר ארץ־ישראל דאַרף די באַנק אויסגענוצט ווערען. איהר אָבער — ווענדעט זיך דער רעדנער צו דער אָפּאָזיציע — האָט דאָך שטענדיג גע'טענה'ט, אַז די באַנק מוז דיענען פאַר אַ „פּאָליטישען אינסטרומענט" — טאָ זייט־זשע קאָנסעקווענט און גיעט יעצט אָב די באַנק דער הנהגה, וועלכע איז דאָך דער פּאָליטישער פאָרשטעהער פון דער ציוניסטישער בעוועגונג! מיר אָבער זאָגען, ווי מיר האָבען דעמאָלט געזאָגט: די באַנק מוז דיענען נור פאַר ארץ־ישראל!

און זאָגט מען, אַז אין שפּיץ פון דער באַנק מוזען שטעהן פּראַקטישע מענשען. דאָס איז אַודאי ריכטיג כל־זמן מען רעדט וועגען דירעקטאָריום פון דער באַנק, מיר רעדען דאָך אָבער וועגען דעם אויפזיכטס־ראַט, וועלכער דאַרף בעשטימען די פּאָליטישע ליניע פון דער בעוועגונג, און אָט ערקלער איך, אַז אַ שריפטשטעלער ווייס דערין מעהר צו זאָגען, ווי אַ „דורכגעטריבענער" סוחר. אונז זאָגט מען: „איהר קאָנט זיך איינמאַכען פּלענער", מיר ווילען אָבער אויך די רעאַלע מעגליכקייט האָבען, זיי צו פערווירקליכען.

איך וויל אָבער רעדען דאָ וועגען עטוואָס וויכטיגערעס, ווי וועגען די קליינליכע פראַגען מכח דער באַנק, וועלכע געהערען אייגענטליך גאָר נישט אַהער. איך וויל רעדען וועגען דער גרויסער פּאָליטיק. מיר זענען נאָך די אַלטע תלמידים פון דער „אויטאָעמאַנציפּאַציאָן" און מיר ווילען דעריבער אַרבייטען בלויז מיט אייגענע כחות, וועהרענד איהר, פּאָליטיקער, ווילט, אַז מיר זאָלען זוכען הילף ביי פרעמדע. און ווידער: אונזער קראַפט ליעגט אין מזרח און נישט אין מערב, און דעריבער זאָגען מיר: פאַר

אַזאַ אַרבּײַט, װעלכע ליעגט ניִשט איִן מזרח, דאַרפֿען מיִר ניִשט געבּען.

אונזער פּאָליטיִק ליעגט איִן מזרח און ניִשט בּלויז איִן ארץ־ישראל, נאָר איִן מזרח בּכלל. יעצט שטעהען מיִר אָבּער פֿאַר געוואַלדיִגע וועלט־געשעהעניִשען: דער מאַחמעדאַניִשער מזרח קעמפּפֿט מיִט׳ן מערב. מיִר מוזען פֿערמיִטלער זײַן צוויִשען מזרח און מערב. ניִשט בּלויז קאָלאָניעס דאַרפֿען מיִר איִן ארץ־ישראל האָבּען, מיִר מוזען ווערען דער מיִטעל־פּונקט פֿון מזרח און אויסבּויען דאָרט אַ נײַע קולטור, װעלכע איִז אַסיִנטעז פֿון מזרח און מערב. דאָס איִז אונזער ציוניִסטיִשע פּאָליטיִק. מיִר מוזען געוועהנען דעם מזרח, צו זעהן איִן אונז פֿרײַנד און חברים איִן קאַמפּף. מיִר מוזען די טערקיִשע יודען אָטאָמאַניִזי־רען (בּײַפֿאַל), מיִר מוזען זיי אָרגאַניִזיִרען. איִך בּיִן איִן ארץ־ישראל געוועזען און האָבּ שוין אַזאַ אַרבּײַט אונטערגענומען, און אויבּ זי איִז, צוליִעבּ פֿערשיִעדענע סבּות, דעמאָלס ניִשט געגע־לונגען, שטעהען מיִר אָבּער יעצט פֿיִעל נעהענטער צום געלינגען. און אָט די דאָזיִגע פּאָליטיִק וועט אונזער הנהגה פֿיִהרען איִן דער צוקונפֿט. דער יעצט אָבּגעהענדער הנהגה זאָגען מיִר דעריִבּער אונזער העַרצליִכסטען דאַנק און וויִנשען, אַז זי זאָל צוריִק בּערופֿען ווערען צו דער אַרבּײַט! (שטורמישע, לאַנג־דויערנדע אַפּלאָדיִסמענטען).

אַדוואָקאַט ראָזענבּוים פֿון מיִנסק פֿערשטעהט ניִשט די גאַנצע מלחמה. איִן די פֿונפֿצעהן יאָהר פֿון ציוניִזם האָט נאָך ניִשט געטראָפֿען, אַז די לײַטונג זאָל זיִך אָבּזאָגען פֿון אַ וויִכ־טיִגער זאַך, ווײַל דער אויפֿזיִכטס־ראַט האָט ניִשט געוואָלט געבּען קײן געלד. ווען דער גרויסער אַקציאָנס־קאָמיִטעט איִז מסכּים, מוז דער אויפֿזיִכטס־ראַט אונטערשרײַבּען און געבּען. די לײַטונג האָט גראָד געוועהלט פֿאַר דער דאָזיִגער פֿראַגע אַ שלעכטע צײַט. מיִט צוויי יאָהר שפּעטער וועט זי דאָס בּעקו־מען גאָר אָהן אַ מלחמה.

ד״ר ראָזענפֿעלד (פּועל־ציון) רעדט וועגען יודיִש, וועגען פּאַסמאַניִק׳ס אַרויסטרעטונג געגען יודיִש, וועגען אַלטען קאַמפּף פֿון פּראַקטיִשע און פּאָליִטיִשע ציוניִסטען. די פּועלי־ציון זענען דערפֿאַר, אַז מען זאָל איִבּערגעבּען דער לײַטונג די געלד־איִנסטיִטוציעס.

ד״ר מלמד (לאָנדאָן) איִז אויך ניִשט צופֿריִדען מיִט דער הנהגה, דאָס מען גיִט אויס פֿיִעל געלד אויף קולטור־זאַכען,

בּשעת מען דאַרף האָבּען פֿאַר די הי"מנים. דער ציוניזם איז נישט קיין חברה פֿון יודישער געשיכטע. ער רעדט ווייטער נעגען דער ציוניסטישער פּאָליטישער טעטיגקייט און בּיינוצט עטליכע מאָל אויסדריקען, וואָס בּעליידיגט דעם קאָנגרעס, און די דעלעגאַטען מאַכען אַ גרויסען ליאַרם, מען שרייט צום רעד־נער ער זאָל די טריבּונע פֿערלאָזען, וואָס איז אויך בּאַלד געשעהן.

דער קאָנגרעס נעהמט אָן ד"ר פּאַכמאַניק'ס פֿאָרשלאָג אויסצוקלייבּען איינינע קאָמיסיעס און דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

די פֿירטע זיצונג פֿון קאָנגרעס עפֿענט זיך מיט דער רעדע פֿון חאַזאַנאָוויטש (פּועל־ציון): טייליוויי זענען מיר צו־פֿריעדען מיט דער טעטיגקייט פֿון אַקציאָנס־קאָמיטעט, טיילוויי, אָבּער, נישט. דער נאַציאָנאַלפֿאָנד ווערט פֿערווענדעט אויף פּריוואַט־צוועקען. די האַלטונג פֿונ'ם אַקציאָנס־קאָמיטעט אין דעם נאָרדוי־אינצידענט קאָן אונז נישט בּעפֿריעדיגען. געוויס, האָט נאָרדוי געבּראָכען די פּאַרטיי־דיסציפּלין; דער מחבּר פֿון די „קאָנווענציאָנעלע ליגען" האָט נישט בּעדאַרפֿט ערוואַרטען קיין הילף פֿאַר'ן יודישען פֿאָלק פֿון דער פּאָסאָלען־קאָנפֿערענץ און האָט זיך צו איהר נישט בּעדאַרפֿט ווענדען מיט קיין בּריעף אין „טיימס". אָבּער די לייטונג האָט בּעהאַנדעלט נאָרדוי'ן אויף אַנ'אונמעגליכען אופן. צום סוף פֿון דער „וועלט" האָט מען געבּראַכט אַ קליינע נאָטיץ וועגען נאָרדוי'ס לעצטער רעדע אין פּאַריז און דערנאָך געבּראַכט פֿיעל פּרעסע־שטימען געגען איהם. קאָן מען אַזוי בּעהאַנדלען נאָרדוי'ן, דעם, וועמען מיר האַלטען פֿאַר'ן בּעגרינדער פֿונ'ם ציוניזם? מיר זענען דאָך געגליכען צו די געצענדינער, — היינט דיענט מען דעם גאָט, און מאָרגען, ווען ער טהוט נישט אונזער ווילען, צעשמעטערט מען איהם. (אַפּ־לאָדיסמענטען, פּראָטעסטען).

ווייטער טרעט דער רעדנער זעהר ענערגיש אַרויס געגען דעם ציוניסטישען צענטראַל־אָרגאַן „די וועלט" פֿאַר איהר פּאָ־[illegible] בּנוגע צו יודיש, איהר פֿערמאַכען דאָס מויל יעדען נעגי־בּער פֿון דער איצטיגער לייטונג. די „וועלט" האָט בּעדאַרפֿט

זײַן אַנ׳אָרגאַן, אין װעלכען עס זאָלען מיטאַרבײַט׳ען די גרעסטע יודישע שריפטשטעלער, די װיכטיגסטע יודישע פּראָבּלעמען האָבּען דאָרט בּעדאַרפט בּעהאַנדעלט װערען. צום סוף איז דאָס נור אַ בּלאַט אויף קעז אײַנצוװיקלען. (פּראָטעסטען, װאָלפּסאָהן רופט איהם צו אָרדנונג).

דער רעדאַקטאָר פון דער „װעלט", ליכטהײם, פערטײַדיגט זיך און ענטפערט אויף די פאָרװאורפען, װעלכע מען מאַכט דער „װעלט".

לעאָן רײַך דאַנקט אין נאָמען פון די גאַליציזשע ציוניסטען דעם איצטיגען אַקציאָנס-קאָמיטעט, װאָס מיט זײַן טעטיגקײַט זענען זײ אַלע צופריעדען. ער דאַנקט דעם אַקציאָנס-קאָמיטעט פאַר דעם, װאָס ער האָט געאַרבּײַט אין פּאַלעסטינאַ אינטענסיװ, פאַר זײַן טעטיגקײַט צו העבּרעאיזירען און נאַציאָנאַליזירען דאָס יודישע פאָלק. אָבּער אום דער אַקציאָנס-קאָמיטעט זאָל בּעקומען די מעגליכקײַט נאָכמעהר אויפצוטהון, מוז מען איהם אײַבּערגעבּען די פינאַנץ-אינסטיטוטען. די מעהרהײַט מוז האָבּען דעם גרעסטען אײַנפלוס אויף אַלע פּאַרטײ-אינסטיטוטען, דאַרונטער אויך אויף דער בּאַנק.

דער רעדנער בּעדויערט, װאָס אַזעלכע פּערזענליכקײַטען, װי נאָרדוי און מאַרמאָרעק, געפינען זיך איצט נישט אויפ׳ן קאָנגרעס. געװיסערמאַסען איז דערין שולדיג די „װעלט", די איצטיגע ריכטונג פון דער לײַטונג, אָבּער דאָ זענען אויך פאַרהאַן גרינדליכע מײנונגס-פערשידענהײַטען. נאָרדוי און מאַרמאָרעק גלויבּען אַלץ, אַז מען קאָן קומען צו אונזער ציעל דורך דיפּלאָמאַטיע, און מיר זאָגען, אַז אונזער ציעל קאָן מען ערבײַכען נור דורך אינערליכער אַרבּײַט, דורך אונזער װילענס-קראַפט! (אַפּלאָדיסמענטען). אין די מאָמענטען, װען די דיפּלאָמאַטיע בּאַנקראָטירט, איז די אײנציגע פרײד אונזערע — די פּראַקטישע אַרבּײַט אין פּאַלעסטינאַ. די אַרבּײַט דאַרף פערײַניגען אַלע, און לאָמיר האָפען, אַז די אַרבּײַט װעט אײַנמאָל בּרענגען צו אונז נאָרדוי׳ן און מאַרמאָרעק׳ן. (אַפּלאָדיסמענטען, בּראַװאָ!)

דאָס װאָרט בּעקומט זשאַן פישער פון אַנטװערפּען, דער אָנפיהרער פון דער אָפּאָזיציע געגען די לײַטונג. ער װענדעט

פֿאַר טויט, און ערקלערט, אַז דאָס סיסטעם פֿון פּראַקטישער אַרבייט איז באַנקראָט; דער ציוניזם איז געוואָרען אַ קולטור-פֿעראיינינונג און קאָלאָניזאַטאָרישע אָרגאַניזאַציע. די גאַנצע אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ איז געמאַכט געוואָרען קינסטליך, און די פּאָליטישע ציוניסטען שטרעבען צו שאַפֿען נאָרמאַלע בעדינגונגען, בעזייטיגען די שטערונגען, כּדי דאָס, וואָס מיר ווילען אין ארץ-ישראל שאַפֿען, זאָל נישט זיין קינסטליך. דער אַלף און ת״ו פֿון ציוניזם איז צו בעקומען פּאָליטישע רעכט אין פּאַלעסטינאַ, און ווייל דער ציוניזם איז אַראָב פֿון דעם וועג, זענען מיר פֿון איהם נישט צופֿרידען. מיר ווילען נישט נור אַ קולטור-צענטר, מיר ווילען די פֿערווירקליכונג פֿונ׳ם באַזעלער פּראָגראַם איינגאַנצען. מיר ווילען די בעפֿרייאונג פֿונ׳ם גלות, אין וועלכען מיר לעבען, און פֿונ׳ם גלות, וועלכער לעבט אין אונז. די פּראַקטישע וועלען פֿרעגען: ווי ערריכט מען דאָס? אויף דעם וועל איך אייך ענטפֿערן: דורך דעם, וואָס איהר טהוט נישט! די הנהגה און דער פּאַרטיי-אָרגאַן „די וועלט״ איז זעהר נישט קאָרעקט צו איהרע געגנער. ווייטער רעדט דער רעדנער געגען דעם, אַז מען זאָל איבערגעבען די פֿינאַנץ-אינסטיטוטען אין די הענד פֿון דער לייטונג.

עס ווערט אָנגענומען אַ פֿאָרשלאָג צו שליסען די דעבאַטען און ס׳ווערען אויסגעוועהלט זעקס געגענעראַל-רעדנער: אַהרנאָוויטש, סירקין, ד״ר טשלענאָוו, דוד וואָלפֿסאָהן, ד״ר מאָצקין און ד״ר חיים ווייצמאַן. פֿאַר׳ן שלוס פֿון דער זיצונג רעדט נאָך ד״ר גאַסטער מיט גרויס בעגייסטערונג אַ לאַנגע רעדע וועגען מהות פֿונ׳ם ציוניזם און רעאַל-אַרבייט אין פּאַלעסטינא. ער ערקלערט, אַז ער איז צופֿרידען מיט דער איצטיגער הנהגה. דערמיט ווערט די זיצונג געשלאָסען.

---

די פֿינפֿטע זיצונג עפֿענט זיך מיט וואָלפֿסאָהנ׳ס אַ מעלדונג, אַז אויף דער בעגריסונגס-טעלעגראַמע, וואָס ער האָט געשיקט אין נאָמען פֿון קאָנגרעס צום קייזער פֿראַנץ יאָזעף, האָט ער בעקומען פֿאָלגענדען דאַנק-ענטפֿער: „באַד אישל. זיין קייזערליכע און קעניגליכע אַפּאָסטאָלישע מאַיעסטעט דאַנקט אַלערגנעדיגסט פֿאַר די אין נאָמען פֿון עלפֿטען ציוניסטישען

קאָנגרעס צוגעשיקטע בעגריסונג״. (לאַנגע אַפּלאָדיסמענטען).

וואָלפּסאָהן לייענט דעם טעקסט פון דער טעלעגראַמע, וואָס ער האָט געשיקט, און נאָכהער טראָגט אַריין ברוצקוס פאָלגענדען פאָרשלאָג: „דער עלפטער ציוניסטען־קאָנגרעס דריקט אויס דעם ענגערען אַקציאָנס־קאָמיטעט זיין פולען פערטרויען אין זיין טיעפסטען דאַנק פאַר זיין פרוכטבאַרע אַרבייט און גיט איהם איבער די בעפאָלמעכטיגונג אויף ווייטער.

„דער קאָנגרעס דריקט־אויס דעם גרויסען אַקציאָנס־קאָמי־טעט זיין אונבעגרענצטעם פערטרויען און פאָדערט, אַז ער, אַלס די העכסטע אינסטאַנץ פון דער בעוועגונג, זאָל בעקומען דעם ענטשיידענעם איינפלוס אויף צו בעשטימען די טעטיגקייטס־לייטונג פון די פינאַנצען״.

אין זאַל ווערט אונרוהיג, ווייל די דעלעגאַטען זענען געגען דעם, אַז מען זאָל צונויפבינדען צוויי פערשידענע זאַכען, ווי פערטרויענס־וואָטום און אַ רעזאָלוציע איבער די פינאַנץ־פראַגען. באַלד אָבער הויבען זיך אָן די רעדעס פון די גענע־ראַל־רעדנער.

אַהרנאָוויטש (פון „הפועל הצעיר״) איז צופריעדען מיט דער לייטונג. זי האָט געטהון, וואָס זי האָט געקאָנט, זי וואָלט אפשר ברייטער געאַרבייט, נאָר זי האָט ניט געהאַט די מיטעל דערצו. אין נאָמען פון „הפועל הצעיר״ פאָדערט ער, אַז דער אַקציאָנס־קאָמיטעט זאָל נור דאַן איבערנעהמען די הנהגה, ווען ער וועט קאָנען איבערנעהמען די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר די פינאַנצען פון דער אָרגאַניזאַציע. (אַפּלאָדיסמענטען).

אינזשענער סירקין רעדט וועגען איינשרענקונג פונ׳ם ציוניזם. די ציוניסטישע אידעע איז פון אַ גרויסער וועלט־אידעע געוואָרען אַ קליינע בעוועגונג. ס׳זענען פערשוואונדען די ווייטע און ברייטע האָריזאָנטען, עס הערשט איבעראַל דער גייסט פון מסחר, אַלץ איז געוואָרען קליינליך. מיר האָבען שוין נים מעהר דעם אָדלער־בליק! ס׳איז נעלם געוואָרען די בעגייסטע־רונג, דאָס גלויבען אין דער גרויסער אידעע און אָנשטאָט דעם האָבען מיר נור אַ נדבה־פושקע. פונ׳ם רעגענבויגען, אין וועל־כען ס׳זענען געווען אַזוי פיעל פאַרבען, איז אונז נור גע־בליבען איין פאַרב, די פאַרב פון מעטאַל. אום צוריק אויפצו־הויבען די ציוניסטישע בעוועגונג, לעגט ער פאָר—זיך צו בע־

שעפּטיגען מיט געגענוואַרטס־אַרבּייט. דערבּיי דריקט ער אויס צוטרוי דער איצטיגער לייטונג.

דער דריטער גענעראַל־רעדנער, ד"ר טשלענאָוו, ווערט בּעגעגענט מיט שטורמיש־ע אַפּלאָדיסמענטען. דער רעדנער דריקט אויס דעם געפיהל פון צופרידענהייט, וואָס בּעהערשט אַלע ציוניסטען בּיים בּעטראַכטען די אַרבּייט פון דעם איצטיגען אַקציאָנס־קאָמיטעט. ס'איז אונמעגליך געווען פאַר אַזאַ קורצער צייט דערגרייכען גרעסערע ערפאָלגען. זי האָט אַ פרישען גע־זונדטען בּאָדען אין דער אָרגאַניזאַציע געשאַפען.

ה' טשלענאָוו שטעלט זיך אָב בּעזונדער אויף דער אָר־גאַניזאַציע אין דער פאַרטיי, אויף די אָפטע פּראָפּאַגאַנדאַ־רייזען, אויף דער אָרדנונג, וואָס הערשט נאָך אין פאַרטיי, די הוצאות זענען געדעקט געוואָרען דורך הכנסות.

דער רעדנער פאָדערט, אַז דער נאַציאָנאַל־פאָנד זאָל אַריבּערגעפיהרט ווערען קיין בּערלין, כּדי די לייטונג זאָל האָ־בּען אין די הענד די וויכטיגסטע קאָלאָניזאַטאָרישע אינסטיטוציע.

די פאָדערונג, אַז דער אַקציאָנס־קאָמיטעט זאָל האָבּען די דעה איבּער דער בּאַנק, איז ניט ניי.

טשלענאָוו ערקלערט, אַז זיינע חברים וועלען ניט געהן אויף פשרות און וועלען זייערע פאָדערונגען דורכפיהרען.

ענדליך בּעקומט דאָס וואָרט ה' דוד וואָלפסאָהן, וועלכער ווערט בּעגריסט מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען. עס דויערט אייניגע מינוטען בּיז וואָלפסאָהן קאָן רעדען. זיינע ווערטער רו־פען אָפט אַרויס צווישענרופען, מען שטערט איהם. אייניגע מאָל מוז ער איבּעררייסען זיין רעדע און נור דורך עטליכע שטרענגע ווערטער גיט זיך איין דעם פּרעזידענט ווידער מאַ־כען שטיל אין זאַל.

עס איז מיר שווער — הויבּט ער אָן זיין רעדע — צו קריטיקירען מיינע נאָכפאָלגער; איך בּין אַליין געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער בּעוועגונג 6 יאָהר און ווייס, וואָס הייסט קריטיק. איך וואָלט אפשר דאָס וואָרט אינגאַנצען נישט גענו־מען. ווען נישט די פאָדערונג, וואָס איז אַרויסגעשטעלט גע־וואָרען פון דער נייער לייטונג, אַז מען זאָל איהר איבּערגעבּען אויך די פינאַנץ־אינסטיטוטען.

איך בּעטראַכט די אידעע פון ציוניזם פאַר זיין נשמה,

די אינסטיטוטען אונזערע אלס זיין קערפער. איך וועל זאגען: הנשמה שלך והגוף שלך, ווען נור — עשה למען שמך. (שטור־מישע אפלאדיסמענטען). א געזונדטען נשמה קאן אבער זיין נור אין א געזונדטען קערפער, מיר מוזען דעריבער זעהן אבּ־היטען אונזער ארגאניזאציע. מיינע העררען! אונזער ארגאניזא־ציע געפינט זיך אין געפאהר—און דאס וויל איך פערוואָרענען!

איך וויל נישט קריטיקירען די לייטונג. איך וויל אויך נישט רעדען דערפון, ווער עס האט געזאגט אויפ'ן 10־טען קאנגרעס. איינס פאדער איך פון די לייט, וואס שטעהען איצט אין דער שפיץ פון אונזער בעוועגונג, אז זיי זאלען געדענקען, דאס זיי שטעהען אין דער שפיץ פון דער גאנצער בעוועגונג, פון אלע ריכטונגען, און נישט נור פון איין פארטיי צווישען אונז. (אויסרופען: ריכטיג! אפלאדיסמענטען).

די לייטונג אונזערע דארף אבּוועגען יעדעס ווארט, יעדער טהאט איהרער דארף זיין קלאר. מיר זעהען אבער, אז די בילאנסען און בעריכטע פון אקציאנס־קאמיטעט זענען נישט קלאר; מיר זעהען אבער, אז די ווערטער פון ד"ר האנטקע וועגען פערגרעסערונג פון שקלים־צאהל אויף 50 פראצענט זענען נישט ריכטיג. מיינע העררען! טאשען־קונץ־שטיק טארען ביי אונז נישט געמאכט ווערען. (פראטעסטען, אפלאדיסמענטען).

די לייטונג דארף זיין אין דער שפיץ פון דער גאנצער פארטיי. איז עס אבער אזוי? וואו זענען היינט נארדוי, מארמא־רעק, קרעמענעצקי? הערצל האט געזוכט אלץ נייע קרעפטען צוצוציהען, און דא דערוויטערט מען זיי! (אפלאדיסמענטען, פראטעסטען). טרעהרען האבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען, לייענענדיג קרעמענעצקי'ס בריעף צו ווארבורג'ן.

איך וואלט דאס אלץ אפשר נישט געזאגט, ווען דא זאל מען נישט וועלען מאכען קיין רעפארמען אין באנק. מיר פלעגט מען זאגען: דער קעלנער סוחר קאן נישט זיין קיין גייסטיגער פיהרער פון דער בעוועגונג. איצט ווילען די פראפעסארען און געלעהרטע פון אקציאנס־קאמיטעט ווערען סוחרים, זיי ווילען די באנק בעקומען אין זייערע הענד. (פראטעסטען, פערשיעדענע אויסרופען, שטורמישע אפלאדיסמענטען).

מיינע העררען, איך מוז אייך זאגען: ציוניסטיש געלד זענען די שקלים, פון מיינעטוועגען אויך דער נאציאנאל־פאנד,

אָבּער די באַנק־געלדער זענען פּרעמדע. (שטורמישע פּראָטעסטען, געשרייען: ניין, אונזערע! אונזערע! פּראָוואָצירט אונז נישט. אַנדערע אַפּלאָדירען. קוים וואָס עס געלינגט דעם פּאָרזיצענדען באָדענהיימער צו בערוהיגען דעם קאָנגרעס). וואָס — רעדט ווייטער וואָלפסאָהן—אונזערע, זאָגט איהר? און די 10 מיליאָן דעפּאָזיטען זענען אויך אונזערע? (אויסרופען: אונזערע! אונזערע! אַנדערע שרייען: דאָס נישט). ניין, דאָס איז פּרעמדע געלדער און פאַר זיי זענען מיר פעראַנטוואָרטליך! (געשרייען: פאַרוואָס האָט מען געגעבען 4000 פונט אויף דעם וואַר־על־עריש־עקספּעדיציע? אויפ׳ן „דזשואיש כראָניקל"? וואָלפסאָהן ענטפערט:) ווען עס וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען בעקומען פּאַלעסטינאַ, וואָלט איך דאָס גאַנצע געלד אַוועקגעגעבען. (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען. אויסרופען: אָה! אָה!).

אויף דער זיצונג פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט ה׳ פּאָדלישעווסקי, דוכט זיך, געזאָגט, אַז עס איז ביי יודען אַ מנהג, דאָס דער מחותן געטרויט דעם חתן תיכּף די כלה, און דאָס נדן געטרויט ער נישט. דאָס איז גאַנץ ריכטיג. ווען מען נעהמט אַ התן נישט קיין געשעפטס־מאַן, אַ בית־מדרש׳ניק, איז אין זיינע אייגענע אינטערעסען, מען זאָל איהם דאָס געלד נישט באַלד אַ בערגעבען. (אַפּלאָדיסמענטען).

איהר זאָגט, מען דאַרף רעאַלע אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ. אָבּער האָבּען מיר זיך דען ענטזאַגט פון רעאַלער אַרבייט? האָבּען מיר דען נישט געשאַפען די אַנגלאָ־פּאַלעסטינאַ־קאָמפּאַניע? ד״ר יאַקובסאָן האָט מיר נישט לאַנג געזאָגט, אַז מען וועט דאַרפען האָבּען 10,000 פונט. איך האָב געענטפערט, אַז, זעלבּסט־פערשטענדליך, וועל איך דאָס געלד געבּען, אויב נור עס האַנדעלט זיך וועגען אַ וויכטיגער זאַך. ריכטיג, ד״ר יאַקובּסאָן?—ווענדעט זיך צו איהם וואָלפסאָהן (יאַקובסאָן: ריכטיג!). איהר ווילט אַריינלעגען אונזער געלד אין פּאַלעסטינאַ. אָבּער מיר פערמאָגען דאָך נישט מעהר ווי $7^1/_2$ מיליאָן, און אין פּאַלעסטינאַ געפינט זיך שוין 10 מיליאָן פראַנק. מעהר וויפיעל מיר פערמאָגען!

עס איז דאָ אַ שפּריכוואָרט, אַז וואָס וועניגער מען רעדט וועגען פרויען, איז פאַר זיי גליכער. אויב מען זאָגט אַזוי וועגען פרייען, דאַרף מען וועגען באַנק־געשעפטען זאָגען, אַז

פֿאַר זײ איז גלײַכֿער, װען מען רעדט װעגען זײ גאָרנישט. איך פּראָטעסטיר געגען דעם, װאָס מען צװינגט מיך צו רעדען עפֿענטליך װעגען אונזערע באַנק־געשעפֿטען, דאָס, װאָס עס האָט קײנמאָל נישט פּאַסירט. (אַפּלאָדיסמענטען).

איהר װײסט, װי מיר האָבען געגרינדעט די באַנק? מיט 15 יאָהר צוריק איז געװען אַ בעראַטונג פֿון העכער 30 פּערזאָן װעגען דעם. הערצל האָט געזאָגט: מיר מוזען האָבען אַ באַנק. איך און סטאַניסלאװ לאַנדוי פֿון לאָדז זענען געװען דאַגעגען. איך האָב געזאָגט נאָרדױ׳ן: ד״ר נאָרדױ, איהר זענט דער גרעסטער מענש צװישען אונז. פֿונדעסטװעגען, װען איהר נעהמט אויף אַ פּאָר שטיװעל, װעל איך זײ נישט אָנטהון. צו שטיװעל מוז מען אַ שוסטער האָבען. (געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטען). װײַל צו גרינדען אַ באַנק מוז מען האָבען באַנקירען. הערצל האָט דערויף געענטפֿערט: אויב מיר האָבען נישט, מוזען מיר באַנקירען שאַפֿען. דאָס קאָן אָבער זאָגען נור אַ הערצל. מיר האָבען די באַנק געגרינדעט. האָט איהר אַ מאָל געזעהן אַ באַנק, װאָס זאָל בעשטעהן פֿון 130,000 אַקציאָנערען, װאָס יעדערער פֿערמאָגט דאָרט צו 25 קראָנען און רעדט שטענדיג װעגען באַנק אָהן אויפֿהער! (אַפּלאָדיסמענטען, געלעכטער). נור אײן אַקציאָנער איז דאָ, װאָס האָט גאַנצע 1000 אַקציעס. װער האָט דען געהאַט צוטרױ צו אַזאַ באַנק? בעטלען זענען מיר אַרומגעגאַנגען, רחמים האָבען מיר זיך געבעטען. ערשט נאָך לאַנגע יאָהרען, װען מען האָט זיך איבערצײַגט אין אונזער רעעלער און ריכטיגער פֿיהרונג, װען מען האָט געזעהן, װי מיר היטען יעדען גראָשען, האָט מען אין דער באַנק־װעלט אָנגעהויבען בעציהען זיך צו אונז מיט צוטרױ. ערשט װילט איהר דעם צוטרױ אונטערגראָבען, איהר װילט אונזער אָרגאַניזאַציע אונטערברעננגען! (אַפּלאָדיסמענטען, ליאַרם, פֿערשידענע אויסרופֿען).

װאָלפֿסאָהן דערצעהלט װעגען זײַנעם אַ געשפּרעך מיט נאָרדױ׳ן װעגען קאָנגרעס. נאָרדױ האָט זיך געשראָקען, אַז דער קאָנגרעס קאָן נאָך שטימען פֿאַר איבערגעבען די באַנק דעם אַקציאָנס־קאָמיטעט. דערויף האָט ער, װאָלפֿסאָהן, געענטפֿערט: ד״ר נאָרדױ, איך קען די ציוניסטען בעסער װי איהר. דער קאָנגרעס װעט דערפֿאַר נישט שטימען. (אַפּלאָדיסמענטען).

מײַנע הערדען — װענדעט זיך װאָלפֿסאָהן צום קאָנגרעס — מײנט איהר, אַז איך װיל די באַנק פֿאַר זיך צונעהמען. (געשרײען: נײן, נײן! װאָלפֿסאָהן: דער ענטפֿער איז זעלבסטפֿערשטענדליך. געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטען). מײנט איהר, אַז איך װיל זי צונעהמען פֿאַר מײַנע יורשים. (געשרײען: נײן, נײן!) מײנט איהר, אַז איך װיל די באַנק זאָל אונטערגעהן. (געשרײען: נײן, נײן!) ריכטיג, אַז נײן. איך װיל די באַנק אָבהיטען, איך װיל נישט, אַז זי זאָל איבערגעהן אין די הענד פֿון פּאַרטײאישע מענשען, איך װיל נישט, אַז די באַנק זאָל װערען אַ שפּיעלבאַל פֿון פּאַרטײ־רײַבונגען. (אַפּלאָדיסמענטען).

מײַנע הערדען, איך װעל אײַך אַזױ זאָגען: אַלץ װעל איך אַװעקגעבען פֿאַר ציוניזם — מײַן געזונד, מײַן לעבען, מײַן פֿערמעגען, מײַן כבוד, נאָר עס איז פֿאַרהאַן אײן זאַך, װאָס איך װעל נישט און קאָן נישט אַװעקגעבען. װײסט איהר, װאָס דאָס איז? (געשרײען: װאָס? װאָס? װאָלפֿסאָהן ענטפֿערט קלאָר און מיט אַן׳אױפֿגערעגטער שטימע:) פֿרעמדע געלדער! (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען, פֿערשידענע פּראָטעסט־אױסרופֿען, קלאַפּערײַ אין די טישען). יאָ, יאָ, דאָס װעל איך נישט אַװעקגעבען!

איך װײס נישט, צי איך װעל קומען נאָך אױף אַ קאָנגרעס. (געשרײען: פֿאַרװאָס?). איך בין קראַנק, מען האָט מיר אױך איצט פֿערבאָטען אַהער צו קומען. איך האָב זיך אָבער געזאָגט: װען עס האַנדעלט זיך װעגען אַזאַ פֿראַגע, מוז איך זײַן אױפֿ׳ן אָרט. איך בין געקומען אַהער פֿערטײדיגען אונזער אָרגאַניזאַציע, אונזער באַנק, און קײנער װעט מיר דערין נישט שטערען! (שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען).

בײַ׳ם שלום פֿון 10־טען קאָנגרעס האָט אוסישקין געזאָגט, אַז איך בין געװען דער גבור פֿון קאָנגרעס. איזהו גבור? הכובש את יצרו. דער 10־טער קאָנגרעס איז דעריבער געװען אַ פֿריעדענס־קאָנגרעס. מײַנע הערען, זײַט ערשט איהר גבורים, ברעכט אײַער װילען און ברענגט נישט דערצו, אַז צװישען אונז זאָל קומען צו אַ שפּאַלטונג. אַז מיר זאָלען דאַרפֿען גרינדען אַ פּאַרטײ צו פֿערטײדיגען אונזערע פֿינאַנץ־אינסטיטוטען! (לאַנגע שטורמישע אַפּלאָדיסמענטען). דער גאַנצער קאָנגרעס,

אויסער אַ טייל רוסישע, הויבען זיך אויף פון זייערע ערטער און מאַכען וואָלפסאָהנ'ען שטורמישע אָוואַציעס).

וואָלפסאָהנ'ס רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק און האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע אויפרעגונג. באַלד אָבער איז די זיצונג געשלאָסען געוואָרען.

---

די זעקסטע זיצונג הויבט זיך אָן מיט ערקלערונגען פון ה' בענטוויטש (לאָנדאָן) און פון אַ דעלעגאַט פון מצרים, וועלכער פאָדערט, אַז מען זאָל זעהן, מעהר אָנווענדען אַגיטאַציאָנס-אַרבייט אין מצרים, וואו עס הויבט זיך אָן אַ שטאַרקע בעוועגונג צווישען דער יודישער בעפעלקערונג.

דאָס וואָרט בעקומט ד"ר מאָצקין.

מיר ווייסען — זאָגט ער — אַז מיר זענען נישט זיכער מיט דעם, וואָס מיר פערמאָגען אין פאַלעסטינאַ. דאָס ווייסען מיר אַזוי, ווי די אָפּאָזיציע. דער אונטערשיעד צווישען ביידע צדדים בעשטעהט אין דער צופריעדענהייט און אין דער אונצופריעדענהייט מיט דעם מצב פון דער אַרבייט אין פאַלעסטינאַ. אָבער דאָס איז דאָך מעהר ניט ווי אַ שטימונגס-זאַך. איבער אַ שטימונג קאָן מען אין צייטונגען שרייבען, מען קאָן דעריבער דיסקוטירען, אָבער שטימונגען טאָרען נישט ברענגען שפּאַלטונגען אין אַ פּאַרטיי, אין דער אַרבייט טאָר מען ניט די פּריוואַטע שטימונג אַריינטראָגען.

דאָס, וואָס עס איז פאַרהאַן אַן אָפּאָזיציע, איז גאַנץ נאַטירליך. אָבער אונזער לייטונג האָט אַלץ געזוכט מ ע נ ש ע ן פון דער אָפּאָזיציע אַריינצוציהען, אָבער זי האָט נישט געזוכט די הערצער צו געווינען און צו פערשטעהן די געפיהלען פון דער אָפּאָזיציע. די לייטונג איז פערפליכטעט, צו האַלטען און היטען די אָרגאַניזאַציע אינגאַנצען ווי זי איז, מיט איהר אָפּאָזיציע.

„די וועלט" מוז זיין אַן אָרגאַן פון דעם גאַנצען יודענטום, אַן אָרגאַן פאַר אַלע יודישע אינטערעסען. אָנשטאָט זיך צו בעשעפטיגען דערמיט, וואָס דער אָדער יענער פון דער אָפּאָזיציע האָט גערעדט אָדער געשריבען, דאַרף זי זיך בעשעפטיגען מיט די ענינים פון כלל-יודישען לעבען און מיט די אינטערעסען פון אונזער העברעאישער [illegible]לטור-אַרבייט.

דער קלײנער אַ.־ק. האָט געאַרבײט. איך האָב די אַרבײט פֿון דער נאָהענט בעטראַכט, און איך מוז אײַך זאָגען, אַז די אַרבײט איז געטהון געװאָרען מיט חשק און מיט התמדה. די לײטונג האָט געבראַכט די אָרגאַניזאַציע צו אַזאַ מדרגה, אַז די אַרבײט קאָן שוין אַלײן עקזיסטירען. דער מעכאַניזם איז זעהר גוט אײַנגעשטעלט, אַזױ אַז ער קאָן שוין אַלײן געהן.

דער רעדנער פֿערשטעהט נישט, װאָס װיל זשאַן פֿישער פֿון דער לײטונג. אַז מען זאָל אונטער צװײ פּאָר אױגען צו־שפּאַרען איהם צו דער װאַנד און פֿרעגען: זאָג מיר, מײַן ליעבער פֿרײַנד, װאָס פֿאַר אַ פֿעהלער אין דער פּאָליטיק האָט אונזער לײטונג געמאַכט? איך בין זיכער, אַז ער װעט נישט װיסען, װאָס צו ענטפֿערן.

עס איז נור פֿאַרהאַן אײן פּיזמולע: דער קלײנער א.־ק. אַרבײט מיט מזרח, און פֿישער און אַלע זײַנע חברים ציהען צו מערב. אָבער אין אונזער װעלט־אָנשױאונג איז דאָך נישט פֿאַרהאַן קײן אונטערשיעד. ער פֿערשטעהט, אַז מען זאָגט, אַז מען איז נישט אײַנשטימיג מיט דער פּאָליטיק פֿון דער לײטונג, אָבער עס איז נישט ריכטיג, װען מען זאָגט, אַז די לײטונג האָט גאָר קײן פּאָליטיק נישט. דער קלײנער א.־ק. האָט אָנ־געװענדעט אַלץ, װאָס עס איז נור געװען מעגליך, כּדי צו ברענגען נעהענטער צו אונזערע צװעקען; דער מצב איז בע־סער, װי פֿאַר צװײ יאָהרען, די פּאָליטישע פֿערבינדונגען זע־נען געװאָרען שטאַרקער.

אין אײן פּונקט בין איך מסכּים מיט ה׳ פֿישער, אַז מען מוז זיך סטאַרען צוציהען װאָס מעהר גרױסע קרעפֿטען. עס איז צו בעדױערן, װאָס אַזאַ מענש, װי נאָרדױ, איז נישט אַרײַנגעצױגען געװאָרען אין דער אַרבײט. ער איז נור געװען אַן׳עצה־געבער. און אױב ער האָט יאָ געמאַכט פֿעהלערען, איז נור דערפֿאַר, װײַל ער איז געשטאַנען אָן דער זײַט פֿון דער אַרבײט.

דער קלײנער אַקציאָנס־קאָמיטעט האָט אַ גרױסע השפּעה געהאַט אױף די פֿערשיעדענע לאַנדסמאַנשאַפֿטען. ער האָט אָר־גאַניזירט די ציוניסטישע מאַסען, זײ דיסציפּלינירט.

דער רעדנער פֿערשטעהט נישט, װי קאָן מען זײַן געגען

גענגען דער אַרבייט אין פּאַלעסטינאַ? איך זאָג נור, אַז די אַרבייט איז נישט געווען פּראַקטיש, אָבער צי דען איז דאָס פּראַקטיש פון דער אָפּאָזיציע, פיהרען איהר מלחמה אַזוי ווי זי פיהרט? ה' קאַן רעדט אַזוי, ווי מיר וואָלטען געוואָלט שאָדען דער פּאַלעסטינאַ־אַרבייט, און ער היט עס פון אונז אָב. אָבער, ה' קאַן, פאַרוואָס טהוט איהר גאָרנישט אין פּאַלעסטינאַ? (הענד־פּאַטשערייַ). עס איז פאַרהאַן אַ געזעלשאַפט פאַר פּריוואַטע אונ־טערנעהמונגען אין פּאַלעסטינאַ, — פאַרוואָס זעהט מען ניט פון ה' קאַן וואָסערע ניט איז פּריוואַטע אונטערנעהמונג אין ארץ־ישראל?

ווייטער געהט איבער ה' מאָצקין צו דער באַנק־פראַגע, און מיט שטאַרקע ווערטער פערטיידיגט ער די פאָדערונג, אַז אויף דער באַנק זאָל אויך דער אַקציאָנס־קאָמיטעט קאָנען זאָ־גען אַ דעה.

קלייַבט מען אוים אַ לייַטונג, מוז מען דער לייַטונג געבען די מעגליכקייַט צו פיהרען און צו אויספיהרען איהרע פּלענער. (שטורמישער בייַפאַל).

נאָך מאָצקינ'ס רעדע געהט אַרויף אויף דער בימה ד"ר חיים ווייצמאַן, אַלס לעצטער גענעראַל־רעדנער.

מיר פערדריסט — זאָגט ער — וואָס אַלע פראַגען פון ציוני־נזם האָט מען צוזאַמענגעקוועטשט אין דער באַנק־פראַגע. חוץ דער באַנק איז נאָך פאַרהאַן פיעל פראַגען, וועלכע מען מוז בעטראַכטען.

צום גליק איז ער צום ערשטען מאָל פאַר דער לייַטונג, און וויל פערטיידיגען איהר פּראָגראַם. די אָפּאָזיציע קאָן נישט די פּאָליטיק נעהמען אין מאָנאָפּאָל. ווען מען פרעגט אַ נאַרדוי, אַ מאַרמאָרעק, אַ פישער: ווי פיהרט מען די פּאָליטיק, פאַר וועלכע זיי שטעהען? וואָס מוז מען טהון? ענטפערען זיי: מיר קאָנען נור וויסען, ווי דאַרף מען נ י ש ט טהון, אָבער מיר ווייַ־סען נישט, ווי ד אַ ר ף מען ט ה ו ן. מען טאָר נישט קומען צום קאָנגרעס מיט אַ קריטיק, וועלכע בעשטעהט נור אין וויסען, וואָס מען דאַרף נישט טהון. דאָס איז נישט קיין פּאָליטישע פּראָגראַם.

מען זאָגט אונז: מען מוז שאַפען בעדינגונגען, אין וועלכע

דינגונגען [...]י שאַפֿען קאָן מען נישט מיט לעדיגע הענד. אָט איז געגרינ[...]ט געוואָרען אַ פּאַלעסטין־לאַנד־דעוועלאָפּמאַן־קאָמפּ., וועלכע בעשטעהט אין ערווערבען ערד אין פּאַלעסטינאַ און אין בעשאַפֿען די מעגליכקייט ליילכט צו קויפֿען דאָרטען באָדען. אָט דאָס איז אַנ׳אינסטיטוט, וועלכער דאַרף שאַפֿען בעדינגונגען. אָבער דער אינסטיטוט האָט דאָס אונגליק געהאַט צו פּעראַלי־רען עטליכע טויזענד רובל, ווייל ער האָט געקויפֿט באָדען. ער האָט געטהון דאָס, וואָס אַלע מלוכות טהוען, ווען זיי מאַכען וועגען, טריקענען די בלאָטעס, מאַכען בריקען. אויף דעם פֿערליערט אַ מלוכה גרויסע קאַפּיטאַלען, אָבער זי פֿערדיענט דערפֿון, וואָס זי הויבט אויף דעם ווערט פֿון איהר לאַנד און פֿערבעסערט די ענטוויקלונג פֿון לעבען. אָבער אונזער אָפּאָ־זיציע האָט געקוקט אין די ביכער און געפֿונען אַ באַנקראָט, מען האָט אויסגעגעבען אַסך געלד. מיינע הערהען! גוטע בע־דינגונגען קאָסטען געלד. אָהן געלד קאָן אַ לאַנד נישט אויפֿ־געבויט ווערען.

„בצלאל“ איז אויך אַ שלעכטער עסק. אָבער אויף אַלע אַזוינע געשעפֿטען וועט מען מוזען געלד פֿערליערען. מיט אַ סוחר׳ישע שיטה קאָן מען פּאַלעסטינאַ נישט ערווערבען.

פֿישער זאָגט, אַז מיר ווילען אַראָבלאָזען דעם ציוניזם צו „אַחד־העם׳יזמוס“ אָדער צו חבת־ציון.

איך מוז אייך זאָגען, אַז איך האַלט, אַז מיר האָבען אין פּאַלעסטינאַ נאָך ווענינ ערוואָרבען. אָבער איך פֿרעג ביי אייך: וואָס פֿאַר אַ פּנים וואָלטען מיר געהאַט, ווען מיר וואָלטען אין ארץ־ישראל נישט פֿערמאָגט דאָס, וואָס מיר פֿערמאָגען? מיינט איהר, אַז מיט אונזערע קאָנגרעסען אין האַג אָדער אין ווין וואָלט מען זיך גערעכענט? היינט פֿערמאָגען מיר אין פּאַלע־סטינאַ 2% באָדען. ווען מיר וואָלטען פֿערמאָגט 4% באָדען, וואָלטען מיר געווען נאָך אַ שטאַרקערע פּאָליטישע פּאַרטיי. דעם ציוניזם וועט די וועלט אָנערקענען אויף אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל מיר וועלען פֿערמאָגען באָדען און קולטור אין פּאַלעסטינאַ. רופֿט עס אַחד־העמ׳יזם, אָדער חבת־ציון — אַלס אייינס, אָבער דער אמת איז, אַז אונזער פּאָליטיק בעשטעהט דערין: פֿער־שטאַרקען אונזער פּאָזיציע אין ארץ־ישראל.

פּריוואַטע אונטערנעהמונגען קאָנען וועניג העלפֿען די

ענטוויקלונג פֿון אונזער נאַציאָנאַלע אַרבײַט און אויפֿטוהעכץ אין ארץ־ישראל. א יוד פֿון אַ גאַנץ יאָהר, ווען ער וועט פֿערליערען אין ארץ־ישראל אַ געוויסען פּראָצענט פֿון זײַן פֿערמעגען, וועט ער זיך אָבזאָגען פֿון פּאַלעסטינאַ. ער וועט אין פּאַלעסטינאַ בעארבײַטען זײַן פֿעלד מיט אראַבער, ווײַל זיי קאָסטען ביליג. אָבער אַנ׳אָרגאַניזאַציע קאָן זיך ערלויבען און מוז עס טהון: פֿערליערען געלד, אַבי עס זאָל זײַן אַ יודיש־נאַציאָנאַלע אַרבײַט אין לאַנד, עס זאָל ווערען בעשעפֿטיגט יודישע אַרבײַטער און בעלי־מלאכות. מען קריטיקירט, וואָס מען גיעט־אוים אַזוי פֿיעל געלד אויף שוהלען. עס זענען אָבער פֿאַרהאַן מאָמענטען, וואָס אויסבויען אַ שוהלע הײַסט אויך פֿיהרען אַ פּאָליטישע אַרבײַט.

ווײַטער שטעלט זיך דער רעדנער אָב אויף די פּונקטען, וועלכע אוסישקין האָט אין זײַן רעדע בעריהרט:

1) צוציהען צו פּאַלעסטינאַ־אַרבײַט די אַלע יודען אין די מזרח־לענדער און.

2) קויפֿען וואָס מעהר באָדען אין פּאַלעסטינאַ.

ער רעדט אויך מכח דער באַנק, וועלכע דאַרף זיך געפֿינען אונטער דער הנהגה פֿון דעם קליינעם א.־ק. די באַנק טאָר ניט זײַן אַ מין אָליגאַרכיע. עס דאַרפֿען אַרײַנגעהן אין אויפֿזיכטסראַט ניט נור באַנקירען, וואָס ווייסען ווי צו היטען די געלד, נור אויך אַזוינע, וועלכע ווייסען אויף וואָס מען מוז די געלד אויסגעבען.

ד״ר האַנטקע בעקומט דאָס וואָרט.

ער זאָגט, אַז דער עלפֿטער קאָנגרעס מוז זײַן אַ פֿריעדענס־קאָנגרעס. מען קעמפּפֿט ניט פֿאַר די אָדער אַנדערע פּערזענליכקײַטען, נאָר פֿאַר דער סיסטעם פֿון דער לײַטונג. די סיסטעם, די שיטה איז בעשטימט געוואָרען אויפֿ׳ן צעהנטען קאָנגרעס, און אין משך פֿון די צוויי יאָהר האָט זי זיך געסטאַרעט צו פֿערווירקליכט ווערען.

אויף׳ן דעם 11־טען קאָנגרעס זעהט מען אַ נײַעם יונגען דור, וועלכער איז געקומען בעגײַסטערט צו ציוניסטישע אַרבײַט. אין דעם זינען איז אויפֿגעטהון געוואָרען אַ סך. מען קאָן צו אַ פּאַרטײַ ניט קומען מיט קליינע חשבונות און מיט טענות, וואָס עס איז אויסגעגעבען געוואָרען מעהר, ווי מען דאַרף. אַ פּריוואַט־מענש, אַ פּריוואַטע משפּחה דאַרף זאָרגען,

אַז די הוצאה זאָל זיין קלענער פֿאַר דער הכנסה, און שפּאָרען דעם גראָשען. אָבער אַ פּאַרטיי, ווי דער ציוניזמוס, קאָן דאָס ניט טהון, ווען זי וויל אַרבייטען פֿאַר דער צוקונפֿט, פֿאַר אַ פֿאָלקס-אויפֿלעבונג. איך וויל ניט זאָגען, אַז מיר זאָלען צו-פֿריעדען מיט אונזער אַרבייט. צופֿריעדען קענען נור זיין פּרנסים, גבאים. אַ לייטונג פֿון אַ פֿאָלקס-בעוועגונג קאָן קיינמאָל זיך ניט בענוגענען מיט דעם, וואָס זי האָט געטהון, אָבער דאָך קאָן זי ניט לייקענען, אַז אַ טריט פֿאָרווערטס האָט מען דאָך יאָ געמאַכט.

מיר בעקומען פֿון דרויסען קרעדיטען, וועלכע זענען אונז נויטיג צו דער אַרבייט. אויב אונזער אייגענע פּאַרטיי וועט אונז ניט וועלען געטרויען אונזער באַנק — דאַמאָלס וועלען דאָך אַנ-דערע אונז געווים ניט וועלען טרויען.

די, וואָס קאָנען אַרויסגעהן פֿון ציוניזמוס, זענען קיינמאָל קיין ציוניסטען ניט געוועזען. אָבער וואָלפֿסאָהן קאָן ניט אַרויס-געהן פֿון דער פּאַרטיי, ווייל ער איז דאָך אַ ציוניסט. אַרבייט ביי אונז איז דאָ גענוג. פֿרייע פּלעצער איז פֿאַרהאַן פֿיעל, און קאַנדידאַטען אויף זיי האָבען מיר גאָר ווענייג, נור איינצעלנע פּערזענליכקייטען. מיר ווילען, פֿערקעהרט, אַז אין ציוניזמוס זאָל זיין לופֿט פֿאַר אַלעמען צו אַרבייטען. (שטורמישע אַפּלאָ-דיסמענטען).

מען מוז אָננעהמען די רעזאָלוציעס. אין זאַל איז אָבער אונרוהיג, ווייל די אָפּאָזיציע וויל ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל צונויפֿבינדען צוויי פֿראַגען אינאיינעם. נאָך לאַנגע וכוחים, ווערט די רעזאָלוציע סוף-כל-סוף צוטיילט אויף צוויי חלקים. מען טראָגט אַריין פֿערשיעדענע רעזאָלוציעס.

עס ווערט איינשטימיג אָנגענומען יענע, וועלכע דריקט אויס דעם אַקציאָנס-קאָמיטעט דעם פֿולען פֿערטרויען און דאַנק-באַרקייט פֿאַר די פֿרוכטבאַרע אַרבייט הן אין פּאָליטישען און קולטורעלען זין, הן אין זיין פּאַלעסטינאַ-טעטיגקייט.

מען מאַכט דעם א.-ק. לאַנג-דויערנדע אָוואַציעס.

## V.

# די פּאַלעסטינאַ=דעבאַטען.

דער נצחון פֿון דער נײַער ריכטונג, וואָס שטעהט פֿאַר אַ ברײטע פּראַקטישע אַרבײט אין פּאַלעסטינאַ — האָט זיך שטאַרק אַרויסגעוויזען אין די פּאַלעסטינאַ=דעבאַטען. די אַרויסטרעטונג פֿון יאַקאָבוס קאַן, וועלכער האָט געוואָרענט, מען זאָל זיך ניט אַרײַנלאָזען אין קלײנע עסקים אין פּאַלעסטינאַ, האָט קײן אָבקלאַנג ניט געפֿונען. זײַנע ווערטער האָבען געקלונגען יתום׳דיג און אײנזאַם אין׳ם זאַל, וואו אַלץ האָט געאָטעמט מיט ארץ=ישראל.

די פּאַלעסטינאַ=דעבאַטען האָבען זיך אָנגעהויבען פֿרײַטאָג נאָכמיטאָג מיט׳ן רעפֿעראַט פֿון ד״ר באָדענהײמער וועגען דעם נאַציאָנאַל=פֿאָנד, וועלכען מיר גיבען דאָ איבער בקיצור:

אין די לעצטע צוויי יאָהר — הויבט אָן דער רעדנער — האָט דער נאַציאָנאַל=פֿאָנד געהאַט הכנסה 1 מיליאָן מיט 253,519 מאַרק, דאָס הײסט, מיט 360 טויזענד מאַרק מעהר ווי אין די פֿריהערדיגע צוויי יאָהר, און דער יעצטיגער קאַפּיטאַל פֿון נ.=פֿאָנד בעטרעפֿט 4 מיליאָן קראָן. ס׳איז אַלזאָ נאָהענט דער מאָמענט, ווען דער פֿאָנד וועט פֿערמעגען 5 מיליאָן — ד. ה., די סומע, אויף וועלכע מען האָט גערעכענט, ווען מען האָט איהם געגרינדעט. פֿאַר אַ פֿילאַנטראָפּישער אינסטיטוציע איז דאָס אַ גאַנץ שענער קאַפּיטאַל, אָבער פֿאַר אַ גרויסער קאָלאָניזאַטאָרישער טעטיגקײַט מוז מען צוויי מאָל מעהר האָבען. ווייל מען אָבער דעם פֿאָנד פֿערנוצען אויף פּאָליטישע ציעלען, דאַן מוז מען איהם פֿיעל, פֿיעל מאָל פֿערגרעסערן.

דער רעדנער דערמאָהנט ווײַטער, ווי דער פֿאָנד האָט דורך פֿערשידענע בעשטעלונגען בײַ יודישע קינסטלער, ווי מאַרקעס, בלאַנקען פֿאַר׳ן גאָלדענעם בוך אד״ג, געשטיצט די יודישע קונסט. דאַן רעדט ער וועגען הויפּט=ציעל פֿון פֿאָנד, וועלכער איז — צו קויפֿען ערד אין ארץ=ישראל פֿאַר׳ן יודישען פֿאָלק. דערצו ברויכט מען אָבער: 1) צו האָבען די געזעצ=

ליכע מעגליכקייט און 2) געניטע יודישע אַרענדאַטאָרען, וועלכע וועלען אַליין קאָנען דאָס לאַנד בעאַרבייטען. קיין געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציע טאָר אָבער נאָך אין טערקיי קיין לאַנד נישט קויפען, דער פאָנד קאָן אַלזאָ קויפען ערד נור אויף אַ נאָמען פון אַ פּריוואַטער פּערזאָן. מיר האָפען אָבער, אַז אין גיכען וועלען אין טערקיי שוין זיין אַנדערע געזעצען וועגען דעם, און דער פאָנד וועט דעמאָלט אַליין קאָנען לאַנד איינקויפען.

וואָס אָנבעלאַנגט ווידער דער נויטווענדיגקייט צו האָבען גוטע יודישע אַרבייטער, העננט זי אָב פון אונז אַליין. אויב עס זאָל אונז געלינגען אַזוי גוט צו ענטוויקלען די לאַנדאַרבייט, אַז דער אַרבייטער זאָל קאָנען אָבשפּאָרען עטוואָס געלד און קויפען זיך אַנ'אינווענטאַר, וועלען מיר איהם קאָנען אָבגעבען דאָס לאַנד פון'ם פאָנד אין אַרענדע.

ביי אַזעלכע בעדינגונגען האָבען מיר דערוויל געקאָנט טהון נור איינס פון די צוויי: אָדער קויפען פאַר'ן געלד פון נאַצ.־פאָנד גוטע ווערט־פּאַפּירען, אָדער צו פערטהון עס אין אַזעלכע עסקים אין ארץ־ישראל, וואָס האָבען אַ שייכות צו דער קאָלאָניזאַציע און ברענגען־איין גוטע פּראָצענטען. אויף אַזאַ אופן קאָנען מיר לאָקירען נור 3 פּיערטעל פון'ם געלד פון פאָנד אין ארץ־ישראל. לויט'ן סטאַטוט פון פאָנד קאָנען מיר אַלזאָ פערנוצען דאָס געלד אויף פלאַנצונגען פון פּרדסים און דעסגלייכען, ווי מיר האָבען דאָס אויך געטהון אין די קאָלאָניעס „בן־שמן", „חולדה", אין „גן־שמואל", אין גאָלדבערג'ס גאָרטען אד"ג. מיר קאָנען אָבער נישט־דירעקט פערטהון אונזער געלד אין ארץ־ישראל, ווי אויף צו שטיצען געזעלשאַפטען, וועלכע גיעבען אָב זייער לאַנד בעאַרבייטען יודישע אַרבייטער. די דאָזיגע אויפגאַבע האָט איבערגענומען די „פּ.־ל.־ד.־ק.", ד. ה. די געזעלשאַפט פאָרצובערייטען דאָס לאַנד אין ארץ־ישראל, וואו עס אַרבייטען יודישע אַרבייטער, וועלכע וועלען מיט דער צייט קאָנען זיין גוטע אַרענדאַטאָרען פון'ם ערד פון נאַציאָנאַל־פאָנד. אַז מיר האָבען געמעגט קויפען געביידעס אין לאַנד — דאָס איז זעלבסטפערשטענדליך. אויפ'ן דאָזיגען סמך האָבען מיר אויך געגעבען קרעדיט אַ קאָמפּאַניע, וועלכע האָט אויס־

אונזער קאַפּיטאַל מיט פּראָצענט אָבגעהטען און האָבען אויך צינש פון באָרען.

מען קלאָגט זיך אויף אונז, פאַרוואָס מיר האָבען ניט אינטערגענומען קיין גרויס-קאָלאָניזאַציע מיט'ן געלד פון פאָנד; אָבער דערצו ברויכט מען פיעל מעהר געלד צו האָבען, ווי דער פאָנד האָט יעצט. מען דאַרף אָבער אויך געדענקען, אַז מיר טאָרען דאָס נאָך יעצט ניט טהון, ווייל אונז פעהלט נאָך ערפאַהרונג וועגען דעם, וואָס פאַר אַ מין קאָלאָניזאַציע ס'לוינט בכלל בעסער צו מאַכען מיט'ן געלד פון פאָנד. די דאָזיגע ערפאַהרונג זאַמלען מיר יעצט אין אונזערע אונטערנעהמונגען אין בן-שמן, חולדה, חנניה, מרחביה און גן-שמואל, וואו מיר האָבען איבערגעגעבען די גאַנצע אינערליכע ווירטשאַפט די אַר-בייטער אין זייער רשות, כדי צו זעהן דעם רעזולטאַט דערפון. פערשטעהט זיך, אַז אויב די דאָזיגע פּראָבעס זאָלען אונז ניט איינטראָגען קיין הכנסה, וועלען זיי הייסען אונגעלונגענע. מיר האָבען אָבער דערווייל נאָך אַ גאַנץ קליינע צייט געאַרבייט, און מען האָט קיין הכנסה גאָר ניט געקאָנט ערוואַרטען.

אויסער דאָס אויפבויען הייזער פאַר אַלערליי אַרבייטער, האָט דער נאַצ.-פאָנד אויך מיטגעווירקט צו דער גרינדונג פון נייע פערמעס, און מען האָט אויך געשטיצט די אַרבייטער, וועלכע שטעהען אונטער'ן שוץ פון אָדעסער קאָמיטעט, ווייל דאַדורך האָפט מען צו ערציהען יענע גוטע אַרענדאַטאָרען, וועלכע דער פאָנד וועט ברויכען פאַר זיין לאַנד. דער רעד-נער דערמאָהנט אויך וועגען די קלאַנגען, וועלכע מען האָט פערשפּרייט, אַז אין די איילבוים-גערטנער געהט ניט אַלץ כשורה. צוליעב דעם האָט מען געשיקט אַ געניטען מענשען קיין ארץ-ישראל און דערנאָך האָט ער, ד"ר באָדענהיימער, אַליין אונטערגענומען אַ רייזע אַהין און געגעבען וועגען איהר אַ בעריכט אין אַ ספּעציעלער בראָשורע. ער האָט זיך איבער-צייגט, אַז די ציוניסטישע אָנגעשטעלטע טהוען זייער זאַך עהר-ליך און ערגעבען און בכלל איז אַלץ אין גוטער אָרדנונג. ווייל ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז עס לוינט אויך צו פלאַנצען אַנ-דערע בוימער אויסער איילבערטען, האָט מען בעשלאָסען אָנצו-

דעם, וואָס עס קאָסט די פּלאַנצונג פֿון אַנ׳אײלבערט, וועט מען ערשט קאָנען וויסען אין אַ צײַט אַרום.

ווײַטער רעדט ד״ר באָרענהײמער וועגען דער גרויסער בע־דײַטונג פֿון די תימני׳שע אַרבײַטער פֿאַר דער קאָלאָניזאַציע און ערקלערט, אַז דעריבער האָט מען בעשלאָסען צו געבען 100 טויזענד פֿראַנק אויף צו בויען פֿאַר זײ הײַזער. דער בעסטער בעווײַז, אַז די דאָזיגע אויסגאַבע איז אַ נויטיגע, זעהט דער רעדנער דערין, וואָס אויך אַנדערע פֿילאַנטראָפּישע געזעלשאַפֿ־טען, ווי, למשל, פֿערשידענע געמײַנדען אין עסטרײַך און די בערלינער „עזרה״, האָבען געגעבען געלד אויפ׳ן זעלבינגען ציעל. דער יודישער ווינער קאָלאָניזאַציאָן־פֿערײַן האָט געגעבען דע־רויף 10 טויזענד קראָן, די לאָזשע פֿון „בני־ברית״ אין פּראָג— 6,000 קראָן, ווי אויך פֿיעל אַנדערע.

דער רעדנער הויבט אָן ענטפֿערן אויף די טענות פֿון פֿערשידענע קריטיקער און בעמערקט, אַז אײגענטליך זענען זײ זיך אַלײן סותר: יאַקאָבוס קאַן פֿאָדערט, אַז מען זאָל קײן געלד מעהר נישט געבען אויף די ביז־יעצטיגע אונטערנעהמונגען פֿון פֿאָנד. דאַגעגען פֿאָדערט דער פֿאָרשטעהער פֿון די „פּועלי־ציון״, קאַפּלאַנסקי, אַז מען זאָל פֿערטהון מעהר געלד פֿון פֿאָנד אויף לאַנדווירטשאַפֿטליכע אונטערנעהמונגען. אַנ׳ארץ־ישראל׳דיגער שריפֿטשטעלער וואָרענט, נישט צו פֿערנעהמען זיך צופֿיעל מיט די יודישע אַרבײַטער, די „פּועלי־ציון״ דאַגעגען פֿאָדערען, אַז מען זאָל זאָרגען נור פֿאַר די אַרבײַטער און אײַנאָרדנען זײ אין פֿערמעס. דעם רעדנער אַלײן איז דאָס אויך זעהר סימפּאַ־טיש, מען מוז אָבער נאָך אָבוואַרטען, ביז די אַרבײַטער זאָלען אַרויסווײַזען זײער גאַנצע פֿעהיגקײַט און זיך גוט אויסלערנען די אַרבײַט פֿון פּלאַנצען און פֿיהרען אַלײן אַ לאַנדווירטשאַפֿט. דער רעדנער ענטפֿערט ווײַטער געגען דעם פֿאָרוואורף, פֿאַר־וואָס וואַרט מען נישט אָב מיט אַלערלײ פּלענער מכח אײַנאָר־דנען די אַרבײַטער ביז׳ן קאָנגרעס, כדי פֿאָרצולעגען איהם אַזעלכע פֿראַגען, די קאָנגרעס־טריבונע דאַרף דיענען בלויז פֿאַר אַלגעמײנע פֿראַגען. אָבער נישט פֿאַר ספּעציעלע ענינים, וועלכע פֿאָדערען גענוי געניטקײַט אינ׳ם ענין.

ווײַטער רעדט ד״ר באָרענהײמער געגען דעם, אַז מען זאָל אַריבערפֿיהרען די פֿערוואַלטונג פֿון נאַציאָנאַל־פֿאָנד קײן

בערלין. ער ענדיגט זיין רעדע און ווינשט, אז דער פאָנד זאָל דיענען דערצו צו מאַכען פון ארץ־ישראל אַ בליהענדען גאָרטען פאַר'ן יודישען פאָלק. די רעדע ווערט בעגלייט מיט רוישענדע אַפּלאָדיסמענטען.

צוליעב שבת איז די זיצונג געשלאָסען געוואָרען און מען האָט בעשלאָסען צו מאַכען שבת צונאַכטס אַ זיצונג.

---

די שבת־צונאַכטיגע זיצונג הויבט זיך אָן מיט'ן רעפעראַט פון ד״ר רופין, וועלכער וואוינט אין יפו שוין זעקס יאָהר און שטעהט בראש פון דעם פּאַלעסטינא־אַמט. ער פיהרט אָן מיט דער גאַנצער נייער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל און פערטרעט דאָרט דעם ציוניסטישען קאָמיטעט.

„איך וויל נישט — ערקלערט דער רעדנער — אָבגעבען קיין דין־וחשבון איבער מיין טעטיגקייט — דאָס האָב איך שוין געטהון. איך וויל נור רעדען דאָ וועגען די פּרינציפּיעלע פראַגען, וועלכע שווימען אויף, בשעת מען אורטהיילט איבער אונזער אַרבייט; איך וויל ערקלערען די גרונד־יסודות פון אונזער סיסטעם — נעהמליך, פאַרוואָס זענען מיר מיט דעם אָדער יענעם וועג געגאַנגען״.

בשעת דער רעדנער איז צום ערשטען מאָל געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט ער געזעהן, אַז ס'פעהלט איבעראַל ענערגיע און מוט. דער ישוב איז געווען פערעלטערט — ס'האָט געפעהלט דער יונגער, פרישער און שטאַרקער דור. די קינדער פון די ערשטע קאָלאָניסטען האָבען די קאָלאָניעס פערלאָזען און זענען אין די גרויסע שטעדט אַוועק — עס האָט זיי געפעהלט די אמונה און בטחון.

קורץ, מען האָט געדאַרפט דעם ישוב פעריונגערן דורך נייע, מעהר בעגייסטערטע יונגעלייט פון איירָאָפּאַ.

ס'האָבען זיך געפונען אין פּאַלעסטינא כלל־טהוער, וואָס האָבען גע'טענה'ט, אַז ס'איז גענוג אונטערשטיצען די אַלטע קאָלאָניסטען און אויך מיטהעלפען די נייע.

„איהר ווילט אַ הערצל־וואַלד פלאַנצען? — האָט מען אונז געפרעגט — גוט, דאַן גיט איבער דאָס געלד די נויטהענטערע קאָלאָניעס, כדי זיי זאָלען דאָס געלד פערדיענען״...

מען איז אויך געווען גענגען דעם, אז די ציוניסטישע אָר-גאַניזאַציע זאָל זיך דירעקט פֿערנעהמען מיט קאָלאָניזאַציאָנס-אַרבײַט, נישט בּעגרענצענדיג זיך מיט דער פּריוואַט-איניציאַטיווע.

ד"ר רופּין רעדט ווײַטער וועגען דעם „אחד-העמ'יזם", וועלכער שטרעבּט צו בּעשאַפֿען אין ארץ-ישראל בּלויז אַ קולטור-צענטר דורך אַ סיסטעמאַטישער קולטור-אַרבּײַט. „מיר האָבּען זיך נישט אָבּגעשטעלט אינגאַנצען, נישט אויפ'ן אַלטען וועג פֿון קאָלאָניזאַציע, נישט אויפ'ן נײַעם וועג פֿון אחד-העם, ווײַל אויפ'ן אַלטען וועג האָבּען מיר מיט אונזערע דאַמאָלסדיגע קלײַ-נע מיטלען געקאָנט אײַנאָרדנען העכסטענס אַ טוץ קאָלאָניסטען אַ יאָהר און געבּען אַ הונדערט אַראַבּער אַרבּײַט בּײַ די פּלאַנצונ-גען פֿון אײַלבּערטען. וואַרטען ווידער אויף פּריוואַטע רײַכע פּערזאָנען, וועלכע זאָלען קומען בּעזעצען זיך אין ארץ-ישראל, וואָלט הײַסען, וואַרטען אויף משיח'ן. די רײַכע לײַט האָבּען פּשוט ניט געהאַט קײַן מאַטעריעלען מאָטיוו צו קומען, און דער אָבּגעלאָזענער צושטאַנד פֿונ'ם לאַנד האָט אויך נישט צוגעגע-בּען קײַן חשק דערצו. קײַן געזעלשאַפֿט, וועלכע זאָל פּאַרצע-לירען ערד און פֿערקויפֿען, איז נישט געווען, און דאָס לאַנד, וואָס מען האָט דעם קויפֿער פֿאָרגעלעגט, האָט פֿאַר איהם זעל-טען געפּאַסט, לויט זײַנע מיטלען. ס'איז געווען, ווי מיט אײַ-נעם, וואָס קומט אין אַ פֿרעמדען לאַנד קויפֿען אַ פּאָר שיך, און מען פֿיהרט איהם צו אַ בּהמה ער זאָל זי שעכטען, אָבּ-שינדען די פֿעל, בּעאַרבּײַטען און לאָזען זיך נעהען שיך...

אויבּ אָבּער מען האָט דעריבּער נישט געקאָנט זיצען און וואַרטען אויף פּריוואַטע קאָלאָניזאַציע, האָט מען אויך נישט געקאָנט נעהמען זיך בּלויז פֿאַר קולטור-אַרבּײַט, וועלכע מוז זײַן דער רעזולטאַט פֿון אַ גרויסען ישוב, אָבּער נישט קײַן גע-קינסטעלטע אונטערנעהמונג, וואָס שטיצט זיך בּלויז אויף דעם געלד, וואָס מען בּעקומט פֿון אויסלאַנד. מיר האָבּען זיך דאַ-רום אָבּגעשטעלט אויף דער אַרבּײַט פֿון אײַנאָרדנען גרויסע פֿער-מעס און גרינדען אַ געזעלשאַפֿט פֿאַר פּאָרצעלאַציע, וועלכע זאָל קאָנען פֿאָרלעגען דעם קאַפּיטאַליסט פֿאַרטיג בּעאַרבּײַטע ערד, פֿון וועלכע ער זאָל בּאַלד קאָנען האָבּען הכנסה. די פֿערמעס ווידער האָבּען געדאַרפֿט דינען אויף צו ערציהען גוטע יודישע אַרבּײַטער אין ארץ-ישראל, אויף צו מאַכען די נויטיגע

פּראָבּעס, כּדי צו וויסען, ווי אַזוי איז בּעסער דאָס לאַנד אין ארץ־ישראל צו בּעאַרבּייטען מיט יודישע כּחות, און אויך כּדי צו בּעשאַפען דאָרט אַ יודישע סביבה מיט אַ נאַציאָנאַלען יודי־שען לעבּען.

און אָט האָט מען אויף מיין פאָרשלאָג געגרינדעט די פאָרצעלאַציע־געזעלשאַפט „פּ.־ל.־ד.־ק.". איך האָבּ אָבּער אין יאָהר 1908 פאָרגעשלאָגען, אַז די פּ.־ל.־ד.־ק. זאָל האָבּען אַ קאַפּיטאַל פון איין מיליאָן מאַרק, אָנשטאָט דעם האָט זי גע־האַט בּלויז אַ צעהנט־חלק — 100 טויזענד מאַרק און 200 טוי־זענד מאַרק אויף דעם הערצל־וואַלד. מען האָט אונז איבּערגע־געבּען די קאָלאָניעס כּנרת, בּן־שמן און חולדה, אָבּער פאַר אונז איז דאָס געווען פון קנאַפּען נוצען, ווייל די דאָזיגע קאָלאָניעס זענען געווען אין אַרענדע בּיי די אַראַבּער, און געטויגט האָבּען זיי פאַר אונז נישט; מיר האָבּען אָבּער זיי געמוזט נעהמען, ווייל אַנדערש וואָלט דעם פאָנד אויסגעקומען זיי צו פערקויפען, וועהרענד ער טאָר דאָס נישט, לויט זיינע סטאַטוטען. איבּער־לאָזען די אַרענדע בּיי די אַראַבּער, האָט מען אויך נישט גע־קאָנט, כּדי זיי זאָלען נישט בּעקומען אויף דער ערד קיין חזקה, האָבּען מיר דאָס אַלזאָ אַליין געמוזט אָנהויבּען בּעאַרבּייטען, אָבּער דער פאָנד האָט אונז דערויף קיין געלד נישט געגעבּען. די גאַנצע אונטערנעהמונג איז בּכלל געווען ריזיקאַ־ליש בּיי אַזעלכע בּעדינגונגען, מיר האָבּען זיך אָבּער מיט מוט גענומען צו דער אַרבּייט: אין כּנרת האָבּען מיר געגרינדעט אַ פערמע.

אין ארץ־ישראל האָט מען בּאַלד אָנגעהויבּען קריטיקירען אונזער אונטערנעהמונג, בּעזונדערס האָט מען שטאַרק גע'טענה'ט, אַז די פערמע וועט נישט געבּען קיין הכנסה; דערין האָבּ איך טאַקע אַליין אויך אַ טעות געהאַט, ווייל איך האָבּ ניט פאָראויס־געזעהן, אַז אין ארץ־ישראל מוז מען פריהער פיעל אויסגאַבּען מאַכען, איידער מען בּעקומט הכנסה. אָבּער כ'האָבּ יעצט קיין חרטה נישט: אַ דאַנק מיין דאַמאָלסדיגען טעות, איז כּנרת אויס־געוואַקסען און געוואָרען אַ ציערונג פון ים טבריה; אַ דאַנק דעם האָט יק"א דאָרט איינגעאָרדנעט איהרע קאָלאָניסטען; אַ דאַנק דעם האָט די אַמעריקאַנישע געזעלשאַפט „האחוזה" דאָרט גע־גרינדעט אַ קאָלאָניע פאַר פלאַנצונגען און מיר האָבּען געגרינ־

דעט דגניה, מרחביה; פריוואַטע קאַפּיטאַליסטען ווידער האָבען געקויפט מעדידעל און אין גליל התחתון האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייַ יודיש לעבען, וועלכע דערהויבט אויך דעם גליל העליון.

דאָס איז אַלזאָ די פרוכט פון מייַן פאַלשער אויסרעכענונג. וואָס אָנבעלאַנגט אונזער דעפיציט, איז דעריבער געשטיגען דער פרייַז פונ׳ם לאַנד אין אַזאַ מאָס, אַז דאָס דעקט דעם דעפיציט אַריבער און אַריבער.

דער רעדנער רעדט ווייַטער וועגען די שלעכטע בעדינגונ־גען, בייַ וועלכע מען האָט געמוזט אָנהויבען די אַרבייַט אין בן־שמן און חולדה, וועלכע ליגען צוואָרפען און פאָדערען דע־ריבער בעזונדערע צווייַ אַדמיניסטראַציעס. מען האָט דאָרט גע־פלאַנצט דעם הערצל־וואַלד מיט דער הילף פון יודישע אַרבייַ־טער. פערשטעהט זיך, ווען מען וואָלט דערצו געדונגען אַראַבער, וואָלט דאָס געקאָסט ביליגער, אָבער פאַר אונז איז דאָך דער עיקר נישט אַזוי דער וואַלד גופא, ווי געבען אַרבייַט און ער־ציהען יודישע אַרבייַטער. מיט 10 יאָהר צוריק האָט מען גע־מאַכט אַ חשבון, אַז אַנ׳אייַלבוים וועט קאָסטען 6 מאַרק, דער חשבון איז געווען פאַלש, ער מוז קאָסטען 9—10 מאַרק און בכלל שפּילט דאָ דער פרייַז נישט קיין ראָליע. אַלענפאַלס וועט דער וואַלד צוזאַמען מיט די אַנדערע פרוכט־בוימער, אויסער אייַלבערטען, נישט קאָסטען גאַנץ טייַער, און אין 3—4 יאָהר אַרום וועלען מיר שוין האָבען הכנסה פון איהם.

מיר האָבען אין בן־שמן געגרינדעט אַ מאָלקערייַ. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז די קאָלאָניסטען אין עקרון האָבען אונז אָבגעטהון, און יעצט ליפערען זיי די גאַנצע מילכיגס אין תל־אָביב. אין אַנדערע קאָלאָניעס געהט מען שוין אונז אויך נאָכטהון. מיר דינגען אַלזאָ פאַר אַ בייַשפּיעל. מיר האָבען אויך אויסגעשריבען גוטע בהמות פון לבנון, כדי צו ערציהען גוטע פּיה פאַר די קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל. ווייַטער ווייַזט אָן דער רעדנער אויף דער גרויסער בעדייַטונג פון די דאָזיגע פערמעס אַלס אַ שוהלע פאַר גוטע יודישע אַרבייַטער. און די דאָזיגע יודישע אַרבייַטער האָבען שוין בעוויזען, וואָס זיי קאָנען אויפטהון: זיי האָבען בעלעבט די קאָלאָניע קאַסטי־ניע, וואו די קאָלאָניסטען האָבען שוין געטראַכט וועגען עמיגראַ־

ציע קײַן אַמעריקאַ. יעצט געפֿינט זיך קאָסטיניע אין אַ בליהענ־דען צושטאַנד, אַ דאַנק אונזערע יודישע אַרבײַטער.

און אָט זאָגט מען אונז, אַז מיר זענען נישט קײַן גוטע סוחרים. דער סוחר טראַכט קודם־כל וועגען אַ גוטער הכנסה, מיר האָבען אַלזאָ געדאַרפֿט דינגען בילינע אַראַבישע אַרבײַטער; מיר ווילען דאָך אָבער ערציהען דאָס יודישע פֿאָלק פֿאַר דער לאַנד־אַרבײַט, פֿאַר אונז איז אַלזאָ נישט די הכנסה דער עיקר, נאָר איהר נאַציאָנאַלער און קאָלאָניזאַטאָרישער ווערט. אויב איהר ווילט דוקא האָבען הכנסה פֿון א־־זערע פֿערמעס, דאַרפֿט איהר אויך פֿאָדערן הכנסה פֿון די שוהלען. מיר האָבען אײגענטליך געדאַרפֿט גרינדען אין ארץ־ישראל אַ גאַנצע רײַהע פֿון לאַנדווירטשאַפֿטליכע שולען, אַ צרה נור, וואָס מיר האָבען קנאַפּע מאַטעריעלע מיטלען דערויף.

מען רעדט בײַ אונז וועגען דער נויטווענדיגקײַט פֿון אַן אַגראַר־באַנק, וועגען געבען הלואות אויף לאַנד־היפּאָטעקען; קודם מוזען מיר אָבער האָבען גוטע לאַנד־אַרבײַטער, ווען מען זאָל קאָנען געלד ענטלײַהען, און אָט דערין ליעגט דאָס ציעל פֿון אונזערע פֿערמען און פֿאַרצעלירונגס־געזעלשאַפֿט. אָהן אַגראַר־קרעדיט איז קײַן קאָלאָניזאַציע נישט מעג־ליך, אָבער אָהן קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבײַט איז קײַן אַגראַר־קרעדיט נישט מעגליך.

מען זאָגט ווידער, אַז אונזערע פֿערמעס האָבען געמוזט געבען הכנסה, כּדי פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען זאָלען זיך איבער־צײַגען, אַז עס לוינט אין פּאַלעסטינאַ צו קויפֿען לאַנד און פּרדסים. דערין קאָנען אָבער פּריוואַטע קאַפּיטאַליסטען זיך איבערצײַגען אין יעדער יודישער קאָלאָניע אין ארץ־י־־אל.

דער רעדנער רעדט ווײַטער וועגען דער אַרבײַטער־פֿראַגע אין ארץ־ישראל בכלל און וועגען נײַע קאָלאָניעס בפֿרט: ווען אַ יונגער יודישער אַרבײַטער גרינדעט אַ קאָלאָניע, ברויכט ער נישט קײַן פֿיעל געלד, ווײַל ער האָט גענוג מוט און פֿאַר איהם איז דער נאַציאָנאַלער נוצען דער עיקר; ווען דאַגעגען אַ בע־יאָהרטער יוד קומט קײַן ארץ־ישראל, מוז ער קודם־כל זאָרגען וועגען זײַן הכנסה, און ער ברויכט דעריבער צו ברענגען מיט זיך אַ קאַפּיטאַל.

וועגען דעם אוטזאַץ, וואָס די פּ.־ל.־ד.־ק. האָט געמאַכט

אין די לעצטע 5 יאָהר, סײַ מיט אײגען געלד, סײַ דורכ'ן צוציהען פרעמדע קאַפּיטאַלען קײן ארץ־ישראל, בעװײַזט ד"ר רופּין, אַז װעהרענד אין יאָהר 1908 האָט דער אומזאַץ בעטראָפען 208 טױזענד פראַנק, האָט ער אין יאָהר 1912 בעטראָפען שױן 5 מיליאָן מיט 552 טױזענד־פראַנק און אין הײַיאָהרדיגען ערשטען האַלב יאָהר — העכער פיערטהאַלבען מיליאָן, און אַזאַ אומזאַץ האָט די פּ.־ל.־ד.־ק. געמאַכט בײַ קרעדיט פון סך־הכל 3—4 הונדערט טױזענד פראַנק מצד דעם נאַציאָנאַל־פאָנד!

װײַטער װײַזט־אָן דער רעדנער, װי אַזױ דאָס פּאַלעסטינאַ־אַמט בעמיהט זיך צו קומען צו־הילף יענע פרישע קאָלאָניסטען, װעלכע װילען זיך בעשעפטיגען מיט פלאַנצונגען און ברױכען צו האָבען לפּחות 15 טױזענד פראַנק אײגענס; מען װיל אָבער אױך מעגליך מאַכען דאָס בעזעצען זיך אין ארץ־ישראל פאַר מענשען מיט 5—6 טױזענד פראַנק קאַפּיטאַל, און דאָס קאָן מעגליך זײַן נור דורך אײַנפיהרען גאָרטען־אַרבײַט, האָדעװען עופות, מאָלקערײַען און דעסגלײַכען, און אין דער דאָזיגער ריכטונג װערט יעצט געפיהרט די אַרבײַט.

דער רעדנער רעדט װײַטער װעגען דעם ישוב אין די שטעדט, װעגען דעם ענטװיקלען אַ אינדוסטריע א. אז. װ., בכלל װעגען די אױסזיכטען פון דער קאָלאָניזאַציאָנס־אַרבײַט און ענדיגט מיט אַ װאונש, אַז די רײַכע יודען פון די גלות־לענדער זאָלען זיך מעהר אָבגעבען מיט דער קאָלאָניזאַציע פון ארץ־ישראל.

ד"ר רופּינ'ס רעפעראַט איז בעגלײַט געװאָרען מיט הײסע אַפּלאָדיסמענטען און רױשענדע אָװאַציעס. נאָכהער בעקומט דאָס װאָרט דוד טריש, װעלכער איז געװען בעקאַנט מיט זײַן אָפּאָזיציע געגען הערצלען... אָבער איצט רעדט ער גאַנץ אַנדערע װערטער; עס דוכט זיך, אַז ער קלאַפּט זיך אין האַרצען „על חטא" און בעדױערט, אַז הערצל פעהלט... עס געפעהלט איהם ניט די שיטה פון דער איצטיגער קאָלאָניזאַציע.

דאָס װאָרט בעקומט יאַקאָבוס קאַן פון האַג. אַלע האָבען מיט אונגעדולד ערװאַרט זײַן רעדע, אָבער ער האָט ניט געמאַכט קײן שום רושם. ער איז געגען פּראַקטישע אַרבײַט אין ארץ־ישראל, עס געפעהלט איהם ניט דער „בצלאל", ער בעהױפּ־

טעט, אַז דער נאַציאָנאַלפאָנד אַרבייט נישט לויט זײַן פראָ-גראַם, — בקצור ער האָט איבער'חזר'ט אַלץ, וואָס ער האָט שוין איינינגע מאָל געזאָגט און געשריבען.

ד"ר שמריהו לעווין ענטפערט קאַנ'ען אויף אַלע זײַנע טענות. נאָכהער ווערט אויסגעוועהלט אַ פּאַלעסטינא-קאָמיסיע פון 42 פּערזאָן, און די זיצונג ווערט האַלב איינס בײַנאַכט געשלאָסען.

---

מאָנטאָג בײַנאַכט איז געווען איינע פון די אינטערעסאַנ-טעסטע און וויכטיגסטע זיצונגען פון'ם קאָנגרעס. דאָס וואָרט האָט בעקומען ה' הלל זלאטאָפּאָלסקי, וועלכער האָט געהאַל-טען אַ רעפעראַט איבער דעם „הקדם". ער לייענט פון פּאַפּיער פאָלגענדעס:

דער צעהנטער קאָנגרעס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט אַ וויכטיגען בעשלוס, וועלכען עס האָבען זיך געסטאַרעט אויס-צומײַדען אַלע פריהעריגע קאָנגרעסען. די פראַגע וועגען דער העברעאישער קולטור איז פאַר אונז שטענדיג געוועזען אַ מורא-דיגע, געפעהרליכע פראַגע, וועלכע מיר האָבען נישט געוואָלט בעריהרען. אָבער די דאָזיגע פראַגע האָט דאָך געפאָדערט אַנ-ענטפער און אויף דעם צעהנטען קאָנגרעס איז אָנגענומען גע-וואָרען פאָלגענדער בעשלוס:

דער צעהנטער קאָנגרעס פאָדערט פון קליינעם אַקציאָנס-קאָמיטעט, אײַנאָרדנען און פערשפּרייטען די קולטורעלע אַר-בייט אין ארץ-ישראל און אין די מזרח-לענדער.

און אום דעם דאָזיגען בעשלוס אויסצופיהרען, איז אויף דער פאָראַיאָהריגער ציוניסטישער קאָנפערענץ אויסגעקליבען געוואָרען אַ קאָמיסיע פון 5 מיטגלידער אויף אויסצואַרבייטען די סטאַטוטען פון אַ בעזונדערער חברה פאַר קולטור-אַרבייט אין ארץ-ישראל. פון די פּראָספּעקטען, וואָס זענען היינט צוטיילט געוואָרען צווישען די דעלעגאַטען, זעהט מען, אַז די קאָמיסיע האָט גאַנץ געווויסענהאַפט אויסגעפילט איהר אויפגאַבע. דער „קדם" עקזיסטירט שוין, אין גיכען וועט ער אָנהויבען אַרבייטען, און ער איז שוין בעשטעטיגט פון דער ענגלישער רעגירונג.

און אום צו ערקלערען דעם געעהרטען קאָנגרעס דעם

תּוֹכן פֿון דער נײַער אָרגאַניזאַציע, דאַרף מען זיך דערמאָהנען די פֿערשיעדענע פֿעריאָדען, וואָס די דאָזיגע פֿראַגע האָט איבערגעלעבט אין אונזער אָרגאַניזאַציע.

די וויסענשאַפֿט און דאָס פּראַקטישע לעבען האָבען אונז בעוויזען, אַז כּל־זמן אַלע צעוואָרפֿענע טײלען פֿון יודישען פֿאָלק וועלען זיך נישט פֿעראײניגען, כּל־זמן מיר וועלען קײן אײן שפּראַך נישט האָבען, וועלכע זאָל אונז אַלעמען צוזאַמענבינדען, וועלען מיר קײן אַנשטענדיגען אָרט צווישען די איבעריגע פֿעלקער נישט פֿערנעהמען. די נשמה פֿון פֿאָלק איז די שפּראַך, אין איהר ליעגט דער גאַנצער גײַסט פֿון פֿאָלק.

די אונאָרמאַלע לאַגע, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך, איז אפשר נישט אַזוי צוליעב דעם, וואָס מיר האָבען קײן לאַנד נישט, נאָר אפשר מעהר צוליעב דעם, וואָס מיר האָבען קײן שפּראַך נישט. די אַסימילאַציע איז דער רעזולטאַט דערפֿון, וואָס די יודישע יוגענד ערוואַכטערט זיך פֿון אונזער שפּראַך און פֿון אונזער קולטור. מען מוז אויך מודה זײַן אין אַזאַ ביטערען אמת, אַז אפילו אין ארץ־ישראל, אין דעם לאַנד פֿון אונזער צוקונפֿט, רעדט מען אויף שבעים לשונות, און אַזוי ווי דער דור־הפּלגה, אַזוי פֿערשטעהען מיר נישט אײנער דעם אַנדערען. און אין דעם שטעקט די גרעסטע טראַגעדיע פֿון אַ פֿאָלק. אָנשטאָט אײן גוף, וואָס עס האָט געדאַרפֿט פֿאָרשטעלען ארץ־ישראל, געפֿינען מיר דאָרטען הײַפֿעלעך מענשען, וועלכע זענען פֿרעמד אײנער דעם אַנדערען, דען זיי פֿערשטעהען זיך נישט; אַ מישמאַש פֿון לשונות הערשט דאָרט אין אונזערע שוהלען, און מען וועט גאָר נישט וועלען גלויבען, אַז אין די שוהלען, וואָס ווערען געגרינדעט אין אײן און דעמזעלבען פֿאָלק, זאָלען די שילער אײנער דעם אַנדערען נישט פֿערשטעהן.

די שילער פֿון „אַליאַנס", למשל, וועלכע לערנען אַלץ אויף פֿראַנצויזיש, קענען נישט פֿערשטעהן די שילער פֿון „עזרה", וועלכע לערנען אַלץ אויף דײַטש. און זיי בײדע זענען ווי שטומע, ווען זיי טרעפֿען זיך צוזאַמען מיט שילער פֿון די ענגלישע שוהלען. אין די לעצטע צײַט איז צוגעקומען נאָך אַ צרה, אויף וועלכער מיר האָבען זיך גאָר נישט געריכט. מען וויל אײַנ־

שוהלע, וואָס מיר וועלען פערמאָגען—אינ׳ם טעכניקום אין חיפה.

אָבער צום גליק הויבען מיר אָן ביסלעכווייז צו פער־שטעהן, אַז אויב מיר ווילען טאַקי האָבען אַ געוויסע ווירקונג אין ארץ־ישראל, אויב מיר ווילען דאָרטען ווירקליך בויען אונ־זער קומענדע היים, מוזען מיר פריהער פאַר אַלץ דאָרט שאַפען אַ יודישע קולטור, וועלכע זאָל פעראייניגען אַלע יודען. דאָס וועט אויך האָבען נאָך אַ גרויסע מעלה. מען וועט אויפהערען צו קומען צו אונז מיט פערשידענע טענות, פאַרוואָס מיר פלאַנצען אין ארץ־ישראל, וואו עס קומט פאָר אַזאַ שטאַרקע קאָנקורענץ צווישען די קולטורען פון די אייראָפּעאישע פעלקער, די און נישט יענע קולטור. עס וועלען אויפהערען די טענות פון די טשעכען, פאַרוואָס מיר רעדען דייטש, די טענות פון די פאָליאַקען פאַרוואָס מיר רעדען רוסיש א. אַ. וו. מיר וועלען געבען אויף אַלעמענס טענות איין ענטפער: מיר האָבען אונזער שפּראַך, און מיר זענען איהרע בעלי־בתים.

איינוואָרצלען אונזער אייגענע קולטור אין ארץ־ישראל — אָט דאָס איז דער צוועק פון „הקדם". אויף אונזער פאָהן שטעהט: „עם אחד ושפה אחת" און אונזערע חברים פון רעכטס קאָן איך בערוהיגען. מיר געהען נישט קיין ארץ־ישראל עט־וואָס, חלילה, צו פערניכטען, מיר געהען אהין בויען, דער „הקדם" וועט שטעהן אויסער אַלע פאַרטייען און וועט וויסען ווי גע־העריג אָבצושאַצען יעדענס מיינונג.

„הקדם" וועט לויט זיין יורידישען חאַראַקטער זיין ענהליך צום נאַציאָנאַל־פאָנד. אַזוי ווי אונזער באַנק, אַזוי איז אויך „הקדם" בעשטעטיגט געוואָרען אין ענגלאַנד. ער וועט געפיהרט ווערען דורך אַ דירעקטאָריום, וועלכער וועט אויסגעקליבען ווערען דורך דער אַלגעמיינער אסיפה פון די מיטגליעדער. אַלס מיטגליעדער פון „הקדם", וועלען זיך רעכענען אַלע מיטגליעדער פון גרויסען אַקציאָנס־קאָמיטעט, וועלכע ווערען אויסגעקליבען דורכ׳ן קאָנ־גרעס איינמאָל אין צוויי יאָהר. לויט׳ן 35־טען פאַראַגראַף פון אונזערע תקנות, דאַרף אַ העלפט מיטגליעדער יעדעס יאָהר, אויף דער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, זיך אָבזאָגען פון זייער שטעלע, און די אַלגעמיינע פערזאַמלונג וועט אויסקלייבען אַנדערע אָנ־שטאָט זיי, אָדער זי וועט זיי נאָך אַ מאָל קלייבען. לויט׳ן 34־טען פאַראַגראַף, קאָן אויך די אַלגעמיינע פערזאַמלונג אָבזאָגען דעם

דירעקטאָריום, אויב זי האַלט דאָס פּאַר נויטיג. אויך רעכענט א״ם דער פּאַראַגראַף 32 געוויסע וויכטיגע פראַגען, וועגען וועלכע דער דירעקטאָריום טאָר אַליין נישט אָננעהמען קיין בעשלוסען.

דאָס אַלץ ווייזט, אַז דער הויפּט-אָנפיהרער פון „הקדם״ וועט זיין די אַלגעמיינע פערזאַמלונג, וועלכע בעשטעהט, ווי איך האָב אייך שוין פריהער דערצעהלט, פון די מיטגליעדער פונ׳ם גרויסען אַקציאָנס-קאָמיטעט. ד. ה., אַז „הקדם״ וועט שטעהן אונטער׳ן קאָנטראָל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און וועט זיך געפינען אונטער דער אויפזיכט און ווירקונג פון קאָנגרעס.

די גרינדער פון „הקדם״ זענען אָבער געקומען צו דער איבערציינגונג, אַז די נייע אָרגאַניזאַציע כו׳ וועלען אַ פּאָלקס-זאַך, און מען טאָר דעריבער זי נישט בעגרענצען נור מיט דעם ענגען קרייז פון דעם גרויסען אַקציאָנס-קאָמיטעט. מיר האָבען דעריבער בעשלאָסען, אַהין אַריינצוברענגען אויך אַנדערע ציוניסטישע און געזעלשאַפטליכע קרעפטען, וועלכע קאָנען אונז ברענגען גרויסע נוצען. און דעריבער וועלען אַלס מיטגליעדער אין „הקדם״ אַריינגעהן אויך דער דירעקטאָריום פון נאַציאָנאַל-פאָנד און פון אָרעסער קאָמיטעט, און דער פונקט 8 פון אונזערע תקנות ערלויבט דער אַלגעמיינער פערזאַמלונג צו קלייבען פון צייט צו צייט נייע חברים, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע גרויסע פערדיענסטען אויף דעם געביעט פון יודישער קולטורעלער און וויסענשאַפטליכער אַרבייט.

זעהר ערנסט זענען בעאַרבייט געוואָרען די פראַגען וועגען קאָנטראָל און קריטיק אין דער נייער אָרגאַניזאַציע. אויסער דעם ספּעציעלען קאָמיטעט, וואָס איז צו דעם צוועק אָרגאַניזירט געוואָרען, וועט אויך זיין אַ געשוואָרענער קריטיקער, בעשטימט פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכער וועט שטענדיג קאָנטראָלירען די פינאַנסען פון דער חברה.

פון דעם אַלעם זעהט איהר, אַז „הקדם״ איז זעהר ענליך לויט זיין אינוועניגסטער אָרגאַניזאַציע צום נאַציאָנאַל-פאָנד, ער שטעלט זיך נור אַנ׳אַנדער צוועק. דער נאַציאָנאַל-פאָנד פערנעהמט זיך ספּעציעל מיט כבוש הארץ, ער קויפט נחלאות, פעלדער, כרמים אין ארץ-ישראל. „הקדם״ וועט גרינדען שולען,

וואו מען וועט לערנען, ווי אזוי די דאזיגע ערד צו בעארבײ־טען. דער נאציאנאל־פאנד בויט הײַזער פאר אונזערע תימנ׳ער ברידער, „הקדם״ וועט ארגאניזירען פאר זײ ביבליאטעקען, אווענד־קורסען אויף צו לערנען העבּרעאיש, קורסען פון פאלקס־היגיענע און נאך אנדערע נוצליכע זאכען, און פאר זײערע קינדער — גן־ילדים, פערשידענע ערציהונגס־אנשטאלטען, טעכנישע שוהלען או״וו. „הקדם״ וועט אלזא געהן האנד בײַ האנד מיט דעם נאצ.־פאנד. „הקדם״ וועט אויך ווידמען פיעל צײַט אויף צו פערשענע־רען אונזער נאציאנאלע שפראך, ארײַנטראגען נײַע בעגריפען, נײַע ווערטער, וועלכע פעהלען אין איהר, ארויסגעבען ספרי־למוד או״וו. און איבערהויפט — מאכען די העבּרעאישע שפראך פאר די אומגאנגס־שפראך פון די פאלעסטינער יודען.

אײַנע פון די וויכטיגע אויפגאבען, וואס „הקדם״ האט זיך געשטעלט, איז אויך די פראגע וועגען א הויכשוהלע אין ירושלים. מיר קאנען נישט פערענטפערן די פראגע וועגען דער העכע־רער בילדונג פאר אונזער יוגענד אין גלות, אבער מיר מוזען דאך זארגען פאר די שילער פון יפו׳ער גימנאזיום, זײ דארפען דאך געוויס נישט פערלאזען זײער פאטערלאנד און זוכען ביל־דונג אין חוץ־לארץ. און אויב מיר ווילען פערהיטען דעם שע־נעם בנין, וואס מיר פערמאגען אין ארץ־ישראל, מוזען מיר הא־בען אונזער אײַגענעם אוניווערזיטעט אין הארץ פון אונזער פא־טערלאנד, אין ירושלים.

געעהרטער קאנגרעס! די נײַע ארגאניזאציע, וואס מיר האבען געגרינדעט, איז זעהר א וויכטיגע. מיר דארפען יעצט האבען א גרויסע מאטעריעלע און מאראלע שטיצע מצד פון אונ־זערע עסקנים, געלעהרטע און שריפטשטעלער. איך האף, אז אלע וועלען אונז קומען צו הילף, און איך לעג דעריבער פאר דעם געעהרטען קאנגרעס אנצונעהמען פאלגענדע רע־זאלוציע:

„דער עלפטער ציוניסטישער קאנגרעס בעשטימט צו גרינ־דען א פאנד פאר די קולטורעלע ארגאניזאציע „הקדם״ און לעגט ארויף אויף אלע ציוניסטען דעם חוב, אונטערצושטיצען די נײַע ארגאניזאציע מיט מאטעריעלע און מאראלישע קרעפטען״.

טײַערע ברידער! נעהמט אן אײַנשטימיג די דאזיגע רע־זאלוציע!

אויף די בימה געהט אַרויף אוּסישקין. דער גאַנצער קאָנגרעס מאַכט איהם גרויסע אָוואַציעס. אויף דריי זאַכען — זאָגט דער רעדנער — שטעהט די וועלט: אויף ערד, אַרבייט און קולטור. אַ פאָלק, וואָס האָט די דריי זאַכען, לעבט און ענטוויקעלט זיך. דאָס פאָלק אָבער, וואָס פערמאָגט דאָס ניט, שטאַרבט אָב און ווערט פערשוואונדען. אַ פאָלק, וואָס האָט אַ דריטעל אָדער אַ העלפט פון יענע דריי זאַכען — איז קראַנק און ניט-נאָרמאַל. אונזער פאָלק האָט נור אַ ביסעל פון יענע דריי זאַכען און דעריבער לעבט עס, אָבער עס איז קראַנק. קומט דער ציוניזם און זאָגט: לאָמיר אויסהיילען אונזער פאָלק, לאָמיר איהם אומקעהרען די ערד, די אַרבייט און די קולטור, און דאַמאָלס וועט עס זיין געזונד און שטאַרק, ווי אַמאָל. דעריבער מוזען די אַלע דריי זאַכען אַריינגעהן אין אוּ זער פראָגראַם. אויב מיר ווילען, אַז אין ארץ-ישראל זאָל זיין אַ יודיש פאָלק, אין פאָליטישען און נאַציאָנאַלען זין, מוז דאָס גאַנצע פאָלק, פון יונג ביז אַלט, זיין פערבונדען מיט דער שפראַך פון דער פערגאַנגענהייט און פון דער צוקונפט. (אַפּלאָדיסמענטען). אויב דו קומסט ערגיץ אין אַ מדינה און דו ווילסט קענען לערנען דאָס פאָלק, זאָלסטו זיך ניט גריבלען אין די ביכער, נאָר געהן אין מאַרק אַריין און הערען ווי מען רעדט דאָרט. די שפראַך אויף דער גאַס איז דער ווילטיגסטער מאָמענט פאַר דעם נאַציאָנאַלען באַזיס. די העברעאישע שפראַך, וואָס קלינגט אַזוי שען אויפ'ן מאַרק און אויף דער גאַס אין ארץ-ישראל, איז פיעל ווילכטיגער ווי אַלע שענע לידער פון אונזערע משוררים. די העברעאישע שפראַך דאַרף הערשען צווישען אַלע שיכטען פונ'ם יודישען פאָלק און אפילו צווישען די ניט-יודען. אַלע אונזערע אינסטיטוציעס דאַרפען זיך דערמיט רעכענען און מיטהעלפען, אַז העברעאיש זאָל דורכדרינגען אין אונזער גאַנצען לעבען אין ארץ-ישראל. ווי אַזוי זאָל מען דאָס מאַכען? די איינציגע פאַבריק דערצו איז די שולע. מיר האָבען אין ארץ-ישראל פיעל שולען, אין וועלכע מען לערנט פרעמדע שפראַכען — זענען זיי פאַר אונז ניט ווילטיג, אָבער די שולען, וואו מען לערנט אַלץ אויף העברעאיש — זענען פאַר אונז אַ ווילטיגער פאַקטאָר. דעריבער מוזען מיר אונטערשטיצען נור אַזעלכע שולען, וואו אַלץ ווערט געלערנט אויף העברעאיש. אין

אונזער צענטר, אין ירושלים, דארף מען גרינדען א מוסד, וואס זאל זיך בעשעפטיגען מיט דער ענטוויקלונג פון אונזער שפראך. די ציוניסטישע ארגאניזאציע דארף אויך אונטערשטיצען די אויס־גאבע פון דעם „מלון הלשון העברית" פון א. בן־יהודה, וואס ברענגט גרויסע נוצען פאר דער אויפלעבונג פון אונזער שפראך. מיר דארפען אויך האבען א גרויסע נאציאנאלע ביבליאטעק. דעם פונדאמענט דערצו האט געלעגט אונזער חבר, וואס גע־פינט זיך איצט דא, ד"ר חאזאנאוויטש. (רוישענדע אפלאדיס־מענטען). אבער דאס איז אונמעגליך, אז א יחיד זאל דאס אויספיהרען. מיר מוזען איהם העלפען, און דער יודישער נא־ציאנאל־פאנד, אלס דער פערטרעטער פונ'ם יודישען פאלק, זאל איבערנעהמען די גאנצע ארבייט און איהם זאל געהערען די ביבליאטעק. אויך דער „מרכז המורים" איז וויכטיג פאר אונ־זער קולטור־ארבייט און די ציוניסטישע ארגאניזאציע מוז איהם אונטערשטיצען. בעזונדערס וויכטיג פאר אונז זענען די יודישע לעהרערינס. די ציוניסטישע ארגאניזאציע מוז צוזאמען מיט'ן קאמיטעט פון די „חובבי ציון" זעהן צו אונטערשטיצען און איסהאלטען דאס סעמינאר אויף לעווינסקי'ס נאמען, און אויב מיר האבען שוין און ארץ־ישראל פערשיעדענע שוהלען, גימנא־זיעס, קינדער־גערטנער א ועד־הלשון, דארפען מיר שוין טראכ־טען, אז ס'איז שוין געקומען די צייט צו גרינדען א יודישע אוניווערזיטעט אין ירושלים. (רוישענדע אפלאדיסמענטען). מיר שטעהען איצט, אין מזרח, פאר א גרויסע און וויכטיגע תקופה. ווען מיר וואלטען געקאנט אונזער לאנד אויסלעזען לייכט און גרינג, וואלט אונז געווען זעהר גוט, אבער ווען מיר קאנען דאס באלד ניט דערגרייכען, מוזען מיר דאס לאנד עראבערן אויף אנ'אנדער אופן — מיט קולטור און אין דעם זענען מיר שטארק. מיר ווייסען, אז דאס איז שווער. מיר האבען נישט קיין געלד, מיר האבען נישט קיין העברעאישע פראפעסארען, מיר האבען גארנישט. אבער איין זאך האבען מיר יא: די נויטיגקייט און דעם רצון. (אפלאדיסמענטען). עס זענען דא צייט־טען, ווען מען געהט גרינדען גרויסע מוסדים ניט מיט חקירות און ניט מיט חשבונות. בויט איך אנ'אייגען הויז, ברענגט אריין אייערע קינדער אין אייער הויז און זאלען זיי שוין ניט מעהר היטען פרעמדע גערטנער און זיין פערטריבען פון ...

אָיט אויפ'ן צווייטען! (אפלאָדיסמענטען). ליעבע חברים! בשעת מיר זענען צוגעטרעטען צו גרינדען א יודישע מדינה אין ארץ-ישראל, האָבען מיר זיך ניט געשראָקען, דער עיקר פון אונזער ארבייט איז געווען: לאָמיר ניט פערשלאָפען די צייט! ברידער! לאָמיר טאקי ניט פערשפעטיגען! צו אונזער גרויסער שמחה, האָבען מיר שוין געפונען מענשען, וואָס זענען געקומען צו הילף. איך און מיין חבר וויצמאַן האָבען די מענשען געפונען. אייניגע נעמען וועל איך דאָ אָנרופען: איינער פון בערלין, וואָס וויל, מען זאָל זיין נאָמען ניט אָנרופען, האָט געגעבען 60 טויזענד פראַנק (אפלאָדיסמענטען), ה' יוליוס סימאָן און ה' יצחק שטרויס — 50 טויזענד פראַנק, ד"ר בענדערסקי פון קיעוו 20 טויזענד פראַנק, איינער פון מאָסקווא — 25 טויזענד פראַנק, ה' בראַצלאַווסקי פון יעקאַטערינאָסלאַוו 10 טויזענד פראַנק, איינער פון ענגלאַנד — 100 טויזענד פראַנק, איינער פון דייטש-לאַנד, וואָס וויל ניט, מען זאָל אָנרופען זיין נאָמען, 100 טויזענד פראַנק. (דער עולם שרייט: מיר ווייסען, דאָס איז וואָלפסאָהן! יחי וואָלפסאָהן! הידד! מען מאַכט גרויסע אָוואַציעס). דאָס זע-נען די יחידים, וואָס זענען צו אונז אַליין געקומען. מיר וועלען נאָך אויך די מיליאָנען געפינען. און מיר מוזען היינט אָננעהמען די רעזאָלוציע, אז דער קאָנגרעס געפינט, אז די יודישע אוניווערזיטעט אין ירושלים וועט זיין א וויכטיגער נאַציאָנאַלער און פאָליטישער פאַקטאָר, און דער קאָנגרעס בעשטימט א בעזונ-דערע קאָמיסיע, וואָס וועט זיך צוזאַמען מיט'ן קליינעם א.-ק. בעשעפטיגען מיט דער פאָרבערייטונגס-ארבייט פון דער גרינ-דונג א יודישע אוניווערזיטעט.

געעהרטער קאָנגרעס! דאָס יאָהר איז א יובל-יאָהר פון אונזער פאָלק, וואָס איז צווייט און צושפרייט צווישען אַלע פעלקער, תשעה באָב פון דעם קינפטיגען יאָהר וועט ווערען 2500 יאָהר פון יענעם טאָג אָן, בשעת מען האָט אונז פער-טריעבען און אונזערע הייליגקייטען מיט די פיס צוטרעטען. 2500 יאָהר זענען מיר שוין נע ונד! ווי מורא'דיג איז אָט די צייט און ווי פחד'יג די היסטאָריע! מיר זענען געשטאַנען אויפ'ן קבר פון די כשדים, מיר האָבען איבערגעלעבט די פערסען, די גריכען, די רוימער און די נוסעי-הצלב, וואָס זייער גבורה האָט געוואָרפען אַנ'אימה אויף דער גאַנצער וועלט, מיר, א קליין

הײַפּעלע פֿון מענשען, זענען שוין דורכגעגאַנגען אַלע זיעבען מדורי־גיהנם און איצט זיצען דאָ די שליחי עם ישראל, די פֿאָרשטעהער פֿונ'ם יודישען פֿאָלק פֿון אַלע עקען וועלט, און האַלטען זיך אַנ'עצה ווי דאָס פֿאָלק לעבעדיג צו מאַכען און איהם אויף זײַן לאַנד צו בעזעצען. (די אַפּלאָדיסמענטען דויערען עטליכע מינוט). און דאָס איז נור דערפֿאַר, וואָס אויף אונ־זער פֿאָהן איז אָנגעשריבען: לא בחיל ולא בכח — כי אם ברוחי, אמר ה' צבאות! (אַפּלאָדיסמענטען). קעהרט אום, ברידער, דעם גײַסט אין זײַן אָרט! אויף דעם הר המוריה איז אַמאָל געשטאַנען גאָט'ס־הויז, דער סימבאָל פֿון אונזער גרויסקײַט, און וועט נאָך ווידער שטעהן! איך גלויב באמונה שלימה, אַז דער צוקונפֿטיגער דור, וואָס וועט קומען נאָך אונז, וועט בויען גאָט'ס הויז אויפֿ'ן הר־המוריה! און דעריבער רוף איך צו אײַך: זײַט געבענשט, ברידער, וואָס איהר האָט זוכה געווען דער־צו! מיר וועלען בויען דעם פּאַלאַץ פֿון תורה און חכמה אויף דעם בארג ציון! (דער גאַנצער עולם שטעהט אויף און מאַכט דעם רעדנער רוישענדע אָוואַציעס).

פּראָפֿעסאָר חיים ווײַצמאַן לײַענט אַ גרויסען רעפֿעראַט און דערצעהלט די גאַנצע געשיכטע פֿון דער ענטוויקלונג פֿונ'ם געדאַנק צו גרינדען אַ יודישע אוניווערזיטעט. שוין זײַט יאָהרען־לאַנג האָט מען דערפֿון געטראַכט און אַפילו דער גרויסער פֿיה־רער ד"ר הערצל האָט נאָך דערפֿון געטרוימט, אָבער די צײַט איז נאָך דאַן ניט געווען מוכשר פֿאַר זאָלכע פּראָיעקטען.

נאָכהער האָבען נאָך גערעדט וועגען דער ווילטיגקײַט פֿון דער אוניווערזיטעט ראַבינער ד"ר גאַסטער, שלמה בראַצלאַווסקי, ד"ר דײַכעס, ד"ר מאָסענזאָהן און דוד יעלין. די זיצונג האָט זיך געשלאָסען און דער גאַנצער עולם האָט געזונגען „התקוה". די שטימונג איז געווען אַזאַ געהויבענע, אַז עס איז פּשוט שווער צו איבערגעבען.

אויף דער זיצונג פֿון דינסטאָג בײַטאָג האָט מען דעבאַ־טירט וועגען די אוניווערזיטעט און נאָכהער איז אָנגענומען געוואָרען דער פֿאָרשלאָג פֿון אוסישקין און ווײַצמאַן, אַז דער קאָנגרעס זאָל אויפֿפֿאָדערן דעם ענגערען א.־ק. אויסצוקלײַבען אַ קאָמיסיע און פֿאָרבערײַטען די אַרבײַט פֿון דער גרינדונג אַ יודישע אוניווערזיטעט אין ירושלים.

דיענסטאָג 10 אַזייגער אין אָווענד עפֿענט זיך אויף די שלוס-זיצונג פֿון קאָנגרעס. דער קאָנגרעס-זאַל איז געווען געפּאַקט. אַלע פּלעצער פֿון די דעלעגאַטען און די געסט זענען פֿול, איבערפֿול. אַלע זענען ווייטער אָנגעטהון יום-טוב'דיג, עס הערשט אַנ'אמת'ע נעילה-שטימונג... אויף אַלע פּנימ'ער מערקט מען אַנ'ערנסט, אַלע האָבען דרך-ארץ פֿאַר דעם גרויסען מאָמענט, בשעת מען געהט שליסען דעם זיעבען-טאָגיגען יודישען פּאַרלאַמענט.

איינשטימיג ווערט אויסגעוועהלט דער ענגערער אַקציאָנס-קאָמיטעט פֿון פֿאָלגענדע פּערזאָנען: וואַרבורג, ד"ר האַנטקע, ד"ר יעקובסאָהן, ד"ר ש. לעווין, נחום סאָקאָלאָוו און ד"ר יחיאל טשלענאָוו.

אין גרויסען א.-ק. ווערען געוועהלט: דוד וואָלפֿסאָהן, ד"ר באָדענהיימער, זשאַן פֿישער, ד"ר פֿראַנק, פֿרידמאַן, באָריס גאָלדבערג, הײַמאַן, אידעלסאָן, יאַקאָבוס קאַן. קעסלער, ד"ר קלעע, קרעמענעצקי, ד"ר אלכסנדר מאַרמאָרעק, ד"ר מאָצקין, נײַדיטש, פּאָדלישעווסקי, ד"ר רײַך, ראָזאָוו, ראָזענ-בוים, שיין, סימאָן, אַראָלף שטאַנד, שטריקער, אוסישקין, ד"ר ווײַ-מאַן.

נאָך די וואַהלען נעהמט דאָס וואָרט דוד וואָלפֿסאָהן: מיר מוזען, איידער מיר צושיידען זיך, אויסדריקען אונזערע בעצי-הונגען צו דעם שוידערהאַפֿטען פּראָצעס פֿון עלילת-דם, וואָס ווערט אין גיכען פֿאָרקומען אין איינע פֿון די אייראָפּעאישע שטעדט. (דער עולם שרייט: פֿפֿוי! פֿפֿוי!).

דער גאַנצער עולם איז אויפֿגעשטאַנען און האָט אָנגענו-מען אַ פּראָטעסט-רעזאָלוציע געגען עלילת-דם. נאָכהער האָט פּראָפֿעסאָר וואַרבורג אין נאָמען פֿון א.-ק. בעדאַנקט דעם קאָנגרעס פֿאַר דאָס צוטרויען, וואָס דער קאָנגרעס האָט אויס-געדריקט דעם אַקציאָנס-קאָמיטעט.

דער פּאָרזיצענדער גיעט דאָס וואָרט דעם גרויסען יודישען דיכטער ח. נ. ביאַליק. אַלע שטעהען אויף פֿון די ערטער און מען מאַכט איהם אונבעשרייבליכע אָוואַציעס. ביאַליק רעדט אין זיין שפּראַך, פּראַכטפֿולען העברעאיש וועגען דער אוניווערזי-טעט. נאָך איהם רעדט סירקין העברעאיש און בעדאַנקט וואָלפֿסאָהנ'ען פֿאַר זיין אַרבייט. צו לעצט שטעהט-אויף דער

פּאָזיִצענדער דוד וואָלפֿסאָהן און שליִסט מיִט אַ קורצע רעדע דעם קאָנגרעס.

„אויף ווידערזעהן אויף דעם צוועלפֿטען קאָנגרעס!" שרייט אוים דוד וואָלפֿסאָהן און דער גאַנצער עולם שטעהט אויף פֿון די ערטער און זינגט „התקוה". די שטיִמונג איז געוועזען זעהר אַ געהויבענע. מעהרערע דעלעגאַטען זענען געשטאַנען און געוויינט... איינער קושט זיך מיִט'ן צווייטען, מען געזעגענט זיך, מען דריקט זיך די הענד און אויף די הערצער ווערט ווידער אַזוי שווער, אויסטערליִש שווער... מען פֿיהלט, אַז דער יום־טוב האָט זיך געענדיגט און מען דאַרף זיך צוריק אומקעהרען אין די פֿינסטערע יודישע גאַס און ווידער הערען דאָס קרעכצען און דאָס זיפֿצען פֿון אונזערע ברידער און שוועסטער — —

און אָט דאָס קרעכצען און זיפֿצען רופֿט אונז צו אַרבייט, צו ענערגיִשער אַרבייט פֿאַר אונזער גרויסען אידעאַל!

---

איידער איך ענדיג מיין בעריכט איבער דעם קאָנגרעס, מוז איך נאָך דערמאָהנען דעם מאָמענט בשעת דער קאָנגרעס איז געגאַנגען צו הערצל'ס קבר. דאָס איז געווען איינער פֿון די גרעסטע און שענסטע מאָמענטען פֿון עלפֿטען ציוניִסטען־קאָנגרעס. ניִשט דער קאָנגרעס אַליין, די דעלעגאַטען, זשורנאַליִסטען און געסט זענען געגאַנגען צום קבר פֿון דעם גרויסען פֿערשטאָרבענעם. עס זענען מיטגעווען צעהנדליגער טויזענדער אַנדערע, וויענער און פֿרעמדע; עס זענען אויך געווען אַ גרויסע צאָהל קריִסטען, וואָס זענען געקומען אָנקוקען דאָס בילד, ווי יודען פֿון אַלע לענדער קומען זיך פֿערזאַמלען אויפֿ'ן קבר פֿון דעם אַזוי־פֿריִהצייטיג פֿערשטאָרבענעם גרויסען פֿיהרער. אויפֿ'ן פֿרייען פֿעלד, ביי דער האָכשולע פֿאַר באָדענקולטור, זענען שוין זונטאָג אין־דערפֿריִה אַרום 9 אַ זייגער געווען פֿיעל טויזענדער מענשען, געקליידעט אין שוואַרצען. פֿיעל ציוניִסטישע פֿאָהנען פֿלאַטערען אויפֿ'ן פֿעלד. לאַנגזאַם ריהרט זיך דער צוג. אַלע אויסגעשטעלט אין רייהען, צו דריי פֿערזאָן אין אַ רייהע. ביי די זייטען געהען די אָרדנער. עס שטעהען אויך פּאָליציאַנטען, אָבער זיי האָבען גאָר קיין אַרבייט ניִשט: די אָרדנונג איז מוסטערהאַפֿט איך אָהן זיי. מען קומט

אויפ׳ן בית-עולם. אַ רעליגיעזע שטימונג בעהערשט אַלעמען. עס ווערט שטיל, טויטשטיל, דער טריט ווערט לאַנגזאַמער. צעהנד-ליגער טויזענדער יודען געהען און שווייגען. ווי שרעקליך און פחד׳יג איז דער צער, וואָס איז פערזונקען אין אַ טיעפען שווייגען!... פון דערווייטענס, צווישען די מצבות און די בוימער, זעהט מען שטעהען אַ גרויסען גרויען שטיין מיט׳ן אויפשריפט: „הערצל״. אין הארצען ווערט עפּעס ווי אָבגעריסען און די אויגען הויבען אָן ניט-ווילענדיג צו גיסען טרעהרען... צום ערשטען קומען אָן צום קבר די מיטגליעדער פון די אַקציאָנס-קאָמיטעטען. דער חזן מאַכט אַ „אֵל מלא רחמים״ און ווי ער קומט צו: „... את נשמת ר׳ בנימין זאב...״ ברעכט אויס אַ שרעקליך געוויין פון אַלע זייטען. עס וויינען נישט נור וואָלפסאָהן און באָדענהיימער, נור עס גיסען אויך טרעהרען אוסישקין און טשלענאָוו. לאַנג, זעהר לאַנג ציהען זיך די דריי-פערזאָן-רייהען. מען האַלט די טיכלעך ביי די אויגען, די טרעהרען גיסען זיך און דער קערפּער בעוועגט זיך קאָנוואוּלסיוו.

אַזוי איז געגאַנגען דאָס יודישע פאָלק אַראָבלאָזען אַ טרעהר אויפ׳ן קבר פון זיין שטאָלצען און העלדישען פיהרער!

